מעינקע קאַץ



# אינמיטן טאָג

צייכענונגען פון רבקה קאַץ

ניו־יאָרק, 954

# אַ בלעטל פון מיין טאָג בוך

ניו־יאָרק, מיטוואָך, דעם 10טן פעברואַר, 1954.

יעיסקע,

אַט ערשט דערהאַלטן דיין בריוו. גוט וואָס מיר שרייבן: יעיסקע, מעינקע, אָן טייערער, אָן ליבער, אָן אַפילו — ברודער. דאָס וואָרט טייערער איז דאָך שוין אַזוי פאַרפלאַכט געוואָרן אין אַלע געשעפט בריוו, ווערט גענוצט פונעם גרעסטן ביז דעם קלענסטן דיפּלאָמאַטישן היפּאָקריט. אויך דאָס גליענדיקע וואָרט ברודער האָט פאַרלאָרן יעדן זין, וואַלגערט זיך פאַרלאָשן אין די גרויזאַמע מוחות פון מיליאָנען נייע קינס, אָדער היניעט סתּם פאַרשעמט אין נודנע „סאָסייעטיס״, איז ניט וואָרעמער פונעם קאַלטן וואָרט — מיסטער.

די פאַרליבטסטע ווערטער זײַנען שוין געוואָרן — אָפּגעריבענע מטבעות, נאָר דיין נאָמען, יעיסקע, איז שטענדיק ניי, ווייל אַלץ וואָס איז עכט, ווי זונאויפגאַנג, קען קיינמאָל ניט ווערן אַלטמאָדיש. דיין נאָמען, יעיסקע, ווי דו אַליין, פאַרמאָגט אין זיך אַלץ וואָס איז און וועט זיין שיין און גערעכט, אַלץ וואָס איז פאַרליבט, ביז דערהערן דעם מינדסטן צער פון אַן עלנט גרעזעלע, צווישן שטיינער.

יעיסקע, שענער איז ארץ ישראל ווייל דו ביסט דאָרטן דאָ, די שטערן פון צפת — קאַבאַליסטישער, די אויגן פון מיין פאָלק — פאַרקלערטער, יעקבס לייטער — לעגענדאַרער.

ווי גוט ס׳איז צו רעדן מיט דיר, דערווייל כאָטש דורך בריוו. דיין בריוו האָט פאַריאָגט די וואָך פונעם געוויינטלעכן פרימאָרגן, געבליבן איז רירנדיקער יום טוב. אַפילו די גרויע סאָבווייִ וואָס גראָד לעם מיין פענצטער שרייט זי אַרויס פון אונטער דער ערד, צו די פרייע הויכן, טראָגט זיך איצט פאַרביי, ווי אַ פאַנטאַסטישע באַן, געלאָדן מיט אַלטע לעגענדעס, מיט וואונדער איבער וואונדער, כּדי צו דערפרייען מענטשן, פאַרבענקטע איינע אין די אַנדערע, אַפילו ווען זיי זיינען צוזאַמען.

איך בין אַרויס אין גאַס, באַגעגנט אַ ווייטן באַקאַנטן, נאָר גערעדט האָב איך צו אים, ווי צו אַ מענטשן וועלכן מען זוכט לאַנג און מען קען קוים געפינען. מיין בענקשאַפט נאָך דיר, דיין שיינקייט, איז אַריבער אויף אַלץ און אַלעמען.

איך הער זיך צו צום ווינטער ווינט, דערהער דעם אָנזאָג אויף סופּלאַזנע פרילינגס. די גאַס ווערט — אַ ווייטער מאָרגן.

דאָנערשטיק, דעם 11טן פעברואַר,

נאָך אַ טאָג אַוועק. איך רעד צו דיר נאָך אַ לאַנגער, שלאָפלאָזער נאַכט. אינ־מיטן נאַכט איז מיך באַפאַלן אַזאַ מוראַדיקער עלנט, מיך געשלעפּט איבער די פּראָסטיקע, טויטע, באָראָ־פּאַרקער גאַסן. אָן דיר, יעיסקע, בין איך געבליבן אַזוי אַליין, ווי דער מענטשן מין וואָלט נעלם געוואָרן פון גאָר דער ערד. אַ האַלב נאַכטיקער פאַרבייגייער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע, לעם מיר, און איז ווי פון פּחד אַנטלאָפן, — נאָר אַ היימלאָזער, בלאָנקנדיק דורך ערגעצנישט, האָט מיך באַגריסט, ווי אַ ברודער.

איך האָב געהאַלפן דעם היימלאָזן טראָגן די שווערע פּעק — די פּעק מיט צרות, זיין גאַנצע באַלעבאָטישקייט וואָס ער שלעפּט שטענדיק מיט זיך, ווי ס׳וואָלט געווען אַ טייל פון זיין גוף. מיר זיינען אַריין אין אַ זייטיקער, ליידיקער קאַפע־טעריע וואָס איז אָפן, זעט אויס, דורך די נעכט, נאָר פאַר אַזוינע עלנטע, ווי מיר. מיר זיינען שוין מער ניט געווען קיין פרעמדע, ווי מיר וואָלטן זיך באַגעגנט אין אַ וועלט, וואו קיינער איז ניט קיין פרעמדער: אַלע לענדער, אַלע פעלקער — איין ישעיה משפּחה.

מיין היימלאָזער שכן און איך האָבן זיך שוין גוט דערוואַרעמט. מיר האָבן זיך באַשטעלט צו נאָך טעפּעלעך קאַווע. די טעפּעלעך קאַווע האָבן באַרואיקט, געלאָזן הינטער זיך, ווי אויף אַ וואָלקן אַלע נאָגנדיקע מחשבות. אַ נייגעריקע אומרו האָט געשוועבט אויף מיין שכנס פּנים. ער האָט אַ הויכן זופּ געטאָן פונעם טעפּעלע קאַווע און פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

„צי וועט נאָך, ווען עס איז, די וועלט ווערן בעסער, דער מענטש שענער, מעיינקע ?״

די פראַגע האָט אַרויסגעלויכטן פון זיינע אויגן, ווי אָט־אָט וועל איך אים באַ־גליקן מיט אַן ענטפער וואָס וועט פאַריאָגן יעדן שאָטן פוןליידן פון דער ערד.

„איך ווייס ניט, דזשאָן. איך ווייס, דיין וואָגלען היימלאָז דורך די נעכט ווייזט ווי ווייט דער מענטש איז נאָך פון יושר. פון דער נויט טאָר קיין זכר אויף גאָר דער ערד ניט בלייבן. איך רעכן אָבער, אַז ניט פון פייערדיקע רעדעס פון פּלאַטפאָרמעס וועט קומען די ישועה, נאָר דורך „קול דממה דקה״, דורך שטילן, ערלעכן וואָרט, דורך פריינטשאַפט פון מענטש צו מענטש. ניט מיט שווערד וועט דער מענטש ברעכן די שווערד. פאַרטייען, פירער, מלחמות האָבן, זינט בראשית, ניט באַוויזן צו פאַריאָגן דעם האַס פון דער וועלט. די שנאה איז מסתּמא אַ לעבעדיקע פאַרזעעניש אַזאַ וואָס קען קיין ליבשאַפט ניט פאַרטראָגן, איז לאָמיר, דזשאָן, אַליין זיך לערנען ליבשאַפט. זע, אָט האָבן מיר זיך ערשט באַגעגנט און שוין ווילן מיר איינער דעם אַנדערן קיין שלעכטס ניט טאָן. אַלע מענטשן פון גאָר דער ערד קענען זיך דערנענטערן אַזוי, דזשאָן; נאָר דורך אינטימען שמועס: פּנים אל פּנים, האַרץ צו האַרץ, ווערט ישעיהס חלום — וואָר״.

מיט די ערשטע טריט פון באַגינען האָבן מיר ביידע, דער היימלאָזער און איך, געזעגן דעם מענטש פון ווייטע, נייע דורות קומען: אַ טיפער, פאַרבענקטער,

עכטער מענטש, ווי דו, יעיסקע, — אַ מענטש וועלכער וועט פאַרנעמען דעם ציטער פון יענעמס פרייד נאָך מער ווי די אייגענע פרייד.

אַ גוטן טאָג, דזשאַן, פריינט וועלן מיר בלייבן, אויב אַפילו מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט באַגעגענען; מיט די פאַרבראַכטע שעהן אין דער האַלב נאַכטיקער קאַפעטעריע, וועלן מיר ביידע שוין קיינמאָל זיך ניט שיידן.

פרייטיק,דעם 12טן פעברואַר,

אַט ערשט געזען דיך אין חלום, יעיסקע. פון אַ ווייטן דור האָט דערגרייכט צו אונדז אַ נאָך קיינמאָל ניט געהערט געזאַנג, ווי פון נאָך ניט געבאָרענע פייגל. וויי, דער עלנט האָט מיך ווידער אויפגעוועקט, צערונען דעם צויבער פונעם חלום.

איך האָב ווידער געבלאָנקט דורך די שלאָפנדיקע, באָראָ־פּאַרקער גאַסן, ווי איך וואָלט אויפגעשטאַנען, נאָר כּדי צו זוכן מיין היימלאָזן פריינט, דזשאַן.

ווי דו זעסט, יעיסקע, איז מיר דזשאַן זייער נאָנט, נאָר קען קיינמאָל ניט ווערן אַזוי נאָנט, ווי דער ייד, פונקט ווי דעם ניט־ייד וועט קיינמאָל ניט ווערן דער ייד אַזוי נאָנט, ווי דזשאַן. ס'איז בשום אופן, אַפילו, ניט נויטיק. יעדעס פאָלק מוז היטן הייליק, ס'זאָל זיך ערגעץ ניט אַ קרישל טאָן די גאַנצקייט. אַן אויסגעמישט פאָלק שמעקט מיט קבר, איז בית־עולם שטויב אויף פאָליצעס פון פאַרלעגענע געשיכטע ביכער וואָס דערציילן אַז אַמאָל־אַמאָל איז געווען אַ פאָלק.

איך קען ניט זען קיין פרייע וועלט אָן מיין פאָלק, אַפילו אין אַ דור, וואו קיין האַר און קיין קנעכט וועט ניט זיין. ווי גליקלעך דער מענטש זאָל אין דעם וויטן מאָרגן ניט זיין, שטעל איך זיך פאָר אַ טרויעריקן גן עדן אויף דער ערד, אויב מיין פאָלק זאָל, חלילה, דאָן ניט זיין. פרייען זיך מיט די פריידן פון אַלע פעלקער, אַוודאי און אַוודאי! אויב אין אייביקן פאָלק אָרקעסטער, שפּילט דער קובאַנער אויס זיין צער און זיין פרייד אויף דער גיטאַרע, דער רוס אויף דער באַלאַלייקע, וועט רירנדיקער צויבערן די האַרף אויף וועלכער מיין פאָלק וועט שפּילן. קלאָר אָבער איז אַז אונדזער פאָלק איז אונדזער מאַמע, מיאוס צי שיין, קיין שענערער מאַמען קען מען זיך ניט אויסקלייבן; אַנדערש איז מען אַ געבאָרענער, אייביקער יתום.

וואָס שייך אַ נייע וועלט? זאָל נאָר דער מענטש זיך לערנען שיינקייט און יושר פון ישעיה הנביא, וועט שוין זיין אַ וועלט אָן פייניקער, אָן געפייניקטע; אַ וועלט אָן תּפיסות, אָן שלעסער אויף די טירן, — וועלן שוין זיין אַנשטאָט שפּיזן — צווייגמעסערס אוןביימער וועלן ניט ווערן קיין תּליות, נאָר פריינט פון מענטשן, שטערן און פייגעלעך.

# אינמיטן טאָג

איך ווייס ניט, אויב ס׳איז ערגעץ וואו אַ יידישע באָבע געווען
וואָס האָט ניט געזאָגט אַז: „דער מיטן איז אַ גילדענער שליטן״.
און ווער פון אונדז איז אין אָט דעם גילדענעם שליטן ניט געווען?
און ווער פון אונדז וועט ניט זיין נאָך, אין אָט דעם גילדענעם שליטן?

געווען נאָך לאַנג־לאַנג איידער מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען, —
אַ, זיין, ברודער, ווען מיר וועלן אויף דער ערד שוין לאַנג־לאַנג ניט זיין:
אינעם ווינט וועט קיין איינציקע אומרו פון אונדז ניט בלייבן שטום.
זיין! דורך געבענטשטע דורות וועלן מיר עלטערן די וויינען.

הער, אַ טויט בלעטעלע פלאַטערט אויף: ניטאָ קיין אייביקער שלאָף,
אָן אייביק־אייביקער אינמיטן איז דער גילדענער שליטן:
אַזאַ אינמיטן טאָג וואָס ווייסט ניט פון קיין אָנהייב, פון קיין סוף,
וואָס הערט פון יעדער שנאה אונדזער ליבשאַפט ניט אויף צו היטן.

ליבשאַפט איז אַלץ וואָס קרישלט ניט ביים ליכט פון מיטן, העלן טאָג.
אַפילו פאַר בראשית איז קיין נאַקעטער חושך ניט געווען.
אויך אין „תהו״ געווען איז די בענקשאַפט נאָך זיין, נאָך מיטן טאָג, —
איז אַפילו בראשית ניט קיין אָנהייב, נאָר אַ מיטן געווען.

אינמיטן טאָג הערט פאָרן ניט אויף אונדזער גילדענער שליטן —
אַנטקעגן פרילינגס וואו אַפילו צייט האָט קיין בלום ניט באַרירט,
דורך ווינטערס וואו ס׳קען נאָר גליטשן זיך אַ נאָך ניט געבאָרן קינד:
אַ מיטן טאָג — קלאָר, ווי מיט נאָך ניט געבליטן לאַנדיש צעצירט.

דורך דורות, ווי אויף סאָבוויי־רעלסן, פלי, אַ, גילדענער שליטן,
כּדי אונדזער צאַרטסטער שעה — דער וויַיטסטער זעאונג אָנצוּיאָגן.
זע, דער ברודער פון וויַיטסטן דור אַזאַ נאָנטן האַנט־דרוק אונדז גיט.
זע, אונדזער גילדענער שליטן איז — וואָר, אינמיטן, העלן טאָג.

# מיין טאַטע הירשע דוד

אַ האַלבער סאָנעטן קראַנץ אויף דעם פֿרישן קבר פֿון מיין טאַטן

(1879—1951)

א

דער ליידיקער טיש איז נאָך וואַרעם פֿון אונדזער נעכטיקן לחיים.
די פּוסטע כּוסות זיינען נאָך פֿול מיט דיינע גליענדיקע רייד:
„צו מיין פּראַצע, צום קרישטאָלענעם אייז, צו די קוילן — אַ לחיים.
פּראַצע איז — באַשאַף, דער רוף פֿון מענטש: „יהי אור" —
בראשיתדיקע פֿרייד.

„איך האָב געזען, ווי אַ זונאויפֿגאַנג, שפּילט אוים וועלט באַשאַף אויף
אַ בלאָק אייז,
געזען ישעיהס זעאונג זיך שפּיגלען דורך אייז, ווי דורך ווייַן אַ כּוס, —
און די קוילן, מיט יחוס פֿון פֿינצטערע טיפֿן פֿון מינען — ווייַזן,
וויפֿל געפֿאַרן לויערן דורך דעם מיינערס בייטאָגיקע חצותן:

„או־האַ, אין די קוילן איז אַזויפֿל גוטהאַרציק פֿייער פֿאַראַנען,
פֿאַר שטיבער, וואו אויך די זון קוואַפּעט זיך אַ פּעני ליכט צו קאַרגן.
אָט גייען אין מיין אויוון ווידער אויף לאַנג פֿאַרגאַנגענע יאָרן —
פֿינקלען נאָענטע אַמאָלן פֿון חרובן סוויר, מיכאַלישעק, סווינציאַן.
דער אַש דערמאָנט די חורבות וואָס שרעקן נאָר דעם גלאָמפּ —
דעם „סווירער באַרג".
טאַטע, אין דיין אַלטער שטוב ביסטו אַ מעשהלע פֿון סוויר געוואָרן.

ב

טאַטע, אין דיין אַלטער שטוב ביסטו אַ מעשהלע פון סוויר געוואָרן.
מיר, די פינף קינדער דיינע, שווייגן מיט פּחד פון דיין פאַרשטומטן קול.
אויף די בלעטער פון אָפענעם תּהילים איינזאַמט דיין אויסגעגאַנגענער
דור, —
כאָטש גוט וואָס אין די מעשהלעך פון ווינט וועט אייביק לעבן דיין אַמאָל.

די לופט אַרום טיש איז נאָך צעשײַערט פון תּלמודישע פאַרוואָסן.
אויף אַ בייגעלע פּאַפּיר, בענקט נאָך דיין האַנט, אַ ניט דערשריבענער אות.
די נעכטיקע כּוסות זיינען מיט היינטיקן יאָמער אָנגעגאָסן.
אין דער פאַרלאָזטער קיך ריכט אָפּ דאָס תּהילימדיקע טויטן-ליכט
איצט חצות.

דורך די פינף קאַמערן זוכט דיך פאַרוואונדערט יעדער באַקאַנטער שאָטן.
דער פאַרלאָשענער אויוון פּראָסטיקט אוים מיט קעלט פון טויט:
„אַ גוטע נאַכט",
צו דעם אייז, צו די קוילן, צו דיר און צו דעם נעכטיקן לחיים.
אין דרויסן, דורך פראָסט און יאָמער פון שבט באַוויינט דיך אַפילו גאָט.
אַ דערשראָקענע שיין פון ערשטן פאַרטאָג האַלט איצט אויף דיין
קבר וואַך.
אַזאַ ליכטיקייט פאַלט צו די שאָטנס צו, ווי אַ וואונד אַ געטרייע.

ג

אזא ליכטיקייט פאַלט צו די שאָטנס צו, ווי אַ וואונד אַ געטרייע,
אַ ליכטיקייט פון אייז און קוילן, פון סוויר, מיכאַלישעק, סווינציאַן.
האָסט מיך געלערנט אַז אַלטע חכמה, ווי די אַלטע זון איז אייביק ניי,
און אייביק ניי איז דאָס אַלטע גאָלד וואָס איז אין מיין ליד צו דיר
פאַראַנען.

ווער ווייסט נאָך ווי דו, וויפל יום־טוב ס׳קען אין וואָכעדיקער פּראַצע
זיין —
דער יום־טוב פון לייגן, מעסטן, האַקן די הויכע בלאָקן אייז,
אין גלייכע, דורכזיכטיקע סקווערן, ווי שטיקער פּראָסטיקע זון,
קען אַזוי רירנדיק, ווי אַ תּפילה פאַר דעם „רבונא דעלמא״ זיין.

אפילו זומער טוט דאָס אייז אַ ברי מיט פּראָסטיקער שיכּרות,
און די פרייד פון לאָדן דאָס שטעלכל מיט דער שפּע פון נייאינקע קוילן,
פאַרט זיך מיט דער שפּע פון חלומות פון די ווייטע קינדער יאָרן.
טאַטע, די בלאָקן אייז רינען אויס, ווי סווירער פּראָסטיקע לבנות.
דיינע ערשטע קבר־נעכט שוואַרצן אַרויס פון די פאַרלאָזטע קוילן.
קעגנאיבער, אין אייזהויז ליגן אַלע דיינע תמוזן דערפראָרן.

ד

קעגנאיבער, אין אייזהויז ליגן אַלע דיינע תמוזן דערפראָרן.
דער פאַרשפּאַרטער עלנט רייסט זיך פון פאַרשלאָסענעם אייזהויז אַרויס.
יעדע קויל זעט אויס, ווי פון אַ ווילסטער אָנשיקעניש אַ פינצטערע קראָ,
און ס׳דאַכט: אָט באַלד וועט זיך אַ ריס טאָן, קענען אונדז, יעדער
ציגל פון הויז.

אין פּאַסעיקער אייזהויז איז שוין דאָס אייז, ווי די זון פון סוויר צעגאַנגען.
פאַרטאָג וועט אייביק וואַרטן נייגעריק אויף דיינע שחריתדיקע טריט —
דער פאַריתומטער שטעג וואָס פירט פון שטוב צום בית־מדרש דיין
סווירער גאַנג.
פון דיינע פערציק יאָר טריט האָט זיך דאָ אַן אומזעבאַרער גאָרטן צעבליט.

וואו זיינען די פרומע באַגינענס, די גלויביקע הימלען, טאַטע?
צי האָט דער אָרון, דער קבר, אַלע הימלען צוגענומען,
און נאָר אַזאַ לאַנגן, בייזן חלום, אויף גאָר דער ערד, מיר געלאָזן?
ביסט אייביק, ווי די שיין פון אַלע דורות אויף דיין קבר, טאַטע,
ווי, צי איז דיין אייביקייט אַן זון, אַן שטח, אַן מענטש, אַן בלום?
מיין ליד צו דיר איז אַ קראַנץ פון אייז און קוילן, פון לבנה און גראָז.

ה

מיין ליד צו דיר איז אַ קראַנץ פון אייז און קוילן, פון לבנה און גראָז:
דאָס אייז איז פון טרערן און פראָסט, די קוילן פון אייביקן חושך.
סוויר אין חלום איז — די לבנה, די פּאַסעיקער פּערציק זומערס —
דאָס גראָז.
אוי, טאַטע, צי איז די עולם־הבא נאָר אַזאַ אייביקער חושך?

אויב פון גאַנצן גן־עדן ביסטו נאָר טרויעריק זאַמד געוואָרן,
וועל איך איצט אָן איינציק זעמדעלע האָלט האָבן מער פון אַלע שטערן.
אויב אין י״ג שבט ביסטו נאָר פאַרגאַנגענע זון געוואָרן,
אַ, ווי וואָלט איך וועלן יעדע שיין פון דיין פאַרגאַנגען לעבן ווערן.

אוי, מיט דיין טויט באַלאָדן, אין דרייען איינגעבויגן,
בין איך דער עלנט פון דיינע ערשטע בית־עולם נעכט.
ווי ס׳וואָלט דיין טויט — אַ קראָ אַזאַ מיט דאָרנדיקע אויגן,
דורך מיר דורכגעפלויגן, מיט אַלע דיינע טעג און נעכט, —
שטעכן דורך מיר, ווי דערנער דיינע צוויי און זיבעציק יאָר.
אוי, טאַטע, הער מיין עלנט אינעם ווינט אויף דיין קבר קלאָגן.

ו

אוי, טאַטע, הער מיין עלנט אינעם ווינט אויף דיין קבר קלאָגן:
אַזאַ עלנט אינעם איינציקן בוים פון פאַרשטומטן הינטערהויף.
אויף די נאַקעטע צווייגן פרירן דיינע פאַרהאָרעוועטע יאָרן.
דער בוים איז דאָ דער שומר פון די פאַרבליטע זומערס אין הינטערהויף.

דער בוים פאַררוקט הארט ביי דער וואַנט פונעם שטענדיקן ווינטער
פון אייזהויז,
ווי ער וואָלט אַליין, באַשיידן, אין וואַלדיקן ווינקל זיך געשטעלט,
כּדי מיט זיין יום־טוב ניט צו שטערן דעם אייז און קוילן־פאַרקויף, —
האָט מיט דיינע באַגינענס זיין קרוין עולם־הבאדיק דורכגעהעלט.

דער בוים איז דאָ ווי דער „עץ־הדעת״ פון נאָנטן גן־עדן אַרום.
דורך דעם בוים האָבן תּפילות שטענדיק געשעפּטשעט צו דײַן פּראַצע
אַ לויב.
דעם גן־עדן האָט דער ווינט פאַרטראָגן אין פרישן, טרויעריקן גראָז,
געבליבן איז דער בוים, ווי אַ געבויגענער ריז ביים פראָסט פון אייזהויז.
דורך די נעכט ביסטו אויף יעדן צווייג דער פאַרקלערטער שטערן־שטויב,
און זעסט דעם הינטערהויף, ווי אַ געסעלע פון סוויר, אָן דיר פאַרלאָזן.

זע, דער הינטערהויף, אָן דיר, ווי אַ געסעלע פון סוויר איז פאַרלאָזן.
דער נאָענטער שטעג פון שטוב צום בית־מדרש ווערט אַ ווייטער
שטערן־וועג.

אָ, רעד מיך איין, אָ, נאַר מיך חלום, איך זאָל קענען זאָגן:
דו לעבסט, טאַטע, ווי מיין בענקשאַפט נאָך דיר ביים ווייטן שטערן־וועג.

אין דיין לעצטער רגע האָט גאָט אַליין אַ זמר צו דיין פּראַצע געזונגען.
זע, רבי עקיבא טראָגט דעם שליסל פון גן־עדן דיר אַנטקעגן,
און ציילט און ציילט דיינע מצוות פון פּראַצע ביי אייז און ביי קוילן,
נאָך מער, ווי די מצוות פון דיינע תהילימדיקע פאַרטאָגן.

דו לעבסט! דו לעבסט! — ווי דער טוי, דאָס ליכט, ווי דער
זומערדיקער רעגן,
וואָס בענטשט די פעלדער מיט ליבשאַפט, מיט זעט, מיט מזלדיקע יאָרן.
טאַטע, אין דעם בין־השמשות פון סוויר ביז פּאָסעיק וועסטו אייביק
לעבן, לעבן!
דו לעבסט, ווי מיין נאָך ניט געבאָרן קינד לעבט אויף מאָרגנדיקע וועגן, —
ווי מיין ליד צו דיר וואָס וועט אייביק קלאָגן דורך די חורבות פון דיין דור.
ווי מיין פאָלק, וועסטו אייביק לעבן, טאַטע, אייביק לעבן! לעבן!

## אַ האָלבער מאַגיסטראַל

דער ליידיקער טיש איז נאָך וואַרעם פון אונדזער נעכטיקן לחיים.
טאַטע, אין דיין אַלטער שטוב ביסטו אַ מעשהלע פון סוויר געוואָרן.
אַזאַ ליכטיקייט פאַלט צו די שאָטנס צו, ווי אַ וואונד אַ געטרייע.
קעגנאיבער, אין אייזהויז ליגן אַלע דיינע תמוזן דערפראָרן.

מיין ליד צו דיר איז אַ קראַנץ פון אייז און קוילן, פון לבנה און גראָז.
הער, מיין עלנט אינעם ווינט אויף דיין קבר קלאָגן.
זע, דער הינטערהויף, אָן דיר, ווי אַ געסעלע פון סוויר איז פאַרלאָזן.
ווי מיין פאָלק וועסטו אייביק לעבן, טאַטע, אייביק לעבן! לעבן!

## מיין טאַטע וועגן אַלט און יונג

אַלט איז שטענדיק דער נאַר און פון נבזה — דאָס גליטשיקע קול.
יונג איז עליע־לייזער, מיין זיידע, מיט אַ שמייכל פון אַ קינד.
יונג איז פון זיידנס ווינטמיל — דער פאַרהאַרעוועטער ווינט.
אַלט איז שטענדיק דער נאַר און פון נבזה — דאָס גליטשיקע קול.
יונג זיינען פון „שיר השירים" — די קושן פון אַמאָל.
יונג איז פון מיין באָבען, אין גסיסה פיינען, דאָס לעצטע וואָרט,
ווען דערהערט האָט זי פון אייניקל — מיין ערשט געבאָרן קול:
„איך זע מיין טויט, ווי דורך אַ העל פענצטערל, געבענטשט, ווי דו
מיין קינד".



## מיין טאַטע וועגן אַמאָל, היינט און מאָרגן

אָן דעם מעשהלע פון אַמאָל וואָלט קיין היינט ניט געווען.
אָן דעם פּראַגער גולם, אָן דעם סווירער באַרג,
וואָלט שמשון הגיבור ניט זיין אַזוי שטאַרק.
אָן דעם מעשהלע פון אַמאָל וואָלט קיין היינט ניט געווען.
אָן דעם פייגעלע פון אַמאָל, ווי וואָלט אָן עראָפּלאַן היינט געווען?
ניט קיין חלום, אַ הויקער, וואָלט דערמאָנט אַ באַרג.
אַפילו שלום וואָלט אָן אומעטיקע טויב געווען.
לחיים, צום פּראַגער גולם, לחיים, צום סווירער באַרג!

# דער סווירער באַרג

## מיין טאַטע דערציילט

א

ווי פראַג מיט דעם גולם האָט סוויר געשעמט מיט דעם באַרג.
וויפל שטורעמס האָט דער באַרג דורך די דורות פאַרשטומט?
וויפל ריזן פון מעשהלעך זיינען מיט דעם באַרג,
אין בלינדע חשוון־נעכט פאַרמעסטן זיך געקומען?

אנטקעגן די פייערן פון פאַרבענקטן אָוונט,
פלעגן חדר־יינגלעך, אָן אויפהער, זיך דערציילן,
ווי ס'האָט דער באַרג די ריזן — אויג אויף אויג באַגעגנט
און מיט אַ באַרגיקער פויסט ריז נאָך ריז געבויגן.

האָט דורך חדר־יינגלעך געלעבט די גבורה פון באַרג:
האָ! ביים באַרג — אַ ריז: אַ צוקערלעקעכל די גרויס,
נאָך פאַרן מבול האָט די נפילים פאַריאָגט דער באַרג.
ער קען די בערג פון דער וועלט מיט איין שטויס צעשטויסן.

האָ! סווירער באַרג, ווער ביסטו און פונוואַנען קומסטו?
דו שלינגער פון ריזן, דו, זיגער איבער שטורעמס!

ב

**מעשהלעך פון סווירער באַרג**

ביים סווירער באַרג הערן זיידעם קיינמאָל גאָר ניט אויף,
פלאַי פלאַים זיך איבער און איבערדערציילן,
און ס'קען יעדער ביי באָרד און פאות שווערן דערויף,
אַז געווען איז דער באַרג אַמאָל אַ תנאם קבלה־הייל.

און ווייל ס'האָט שמעון בר יוחאי אין הייל זיך באַהאַלטן,
האָט דער רבונא דעלמא די הייל פון תהום דערהויבן.
אין יעדן ווינטעלע שוועבט דאָ אום דעם תנאם געשטאַלט.
דער באַרג אַליין, הערט און שטוינט, קען זיך אַזש ניט גלויבן.

מען זאָגט, עוג מלך הבשן איז דער סווירער באַרג,
אַז ס'האָבן וואַסערן פון מבול אים דאָ פאַרטראָגן:
ווינט און האָגל — צייכנס פון מבול קאָרבן נאָך דעם באַרג.
מען זאָגט, די ערשטע שיין פון בראשית האָט דורך אים געטאָגט.

קינד און קייט, פויגל און וואָרעם, עכאָס פון היילן,
פלעגן מעשהלעך פון סווירער באַרג זיך דערציילן.

ג

**דער שטאַרקסטער באַלעבאָס פון שטעטל**

אַזויפיל דורות האָבן יידן זיך געבענטשט, געשאָלטן,
מיט דעם שטאַרקסטן באַלעבאָס פון שטעטל — דעם סווירער באַרג.
קצבים פלעגן רייסן זיך ביי די פליישיקע קאָלטנס
און שרייען: „פתי! בוף! ווער געשוואָלן, ווי דער סווירער באַרג!"

קללות פון קצבים פלעגן שמעקן מיט בלוט פון יאַטקעס,
קללות, זאַט מיט גערעוו פון די ערשט געקוילעטע אָקסן:
גרייט צעלייגן דעם באַרג אַליין אויף די קלעצער פון יאַטקעס,
אַט, ווי זיי וואָלטן מיט דער האַק טרייבערן טויטע אָקסן.

אפילו פרומע באָבעס האָבן פלומרשט זיך געשאָלטן:
„זאָלסט מיין קינד, ניט געשוואָלן ווערן ווי דער סווירער באַרג".
דער באַרג אַליין האָט קיינעם ניט געבענטשט און ניט געשאָלטן,
נאָר געשטאַנען, ווי ס'וואָלט דעם מענטש געלערנט געדולד — דער באַרג.

ביים חצות האָט די גבורה פון מיין פאָלק דערוואַכט אין סווירער באַרג:
וויפל שטערן, אַזויפל סודות האָט פאַרטרויט אונדזער באַרג.

ד

**היט זיך פלישתי!**

און זאָלן מיר גלויבן אין דער חכמה פון סווירער זיידעס,
איז ניט אַנדערש ווי שמשון הגיבור — דער סווירער באַרג,
ווייל שמשון איז ניט אַריין רוען אייביק אין גן־עדן,
נאָר ווי אַ שטורעם איז ער אַריין אין שטיין פון סווירער באַרג.

אָט זע, איז ניט דער שפּיץ פון באַרג, ווי די פעלדזיקע אַקסלען,
פונעם גיבור פון אַלע גיבורים — שמשון הגיבור?
דור נאָך דור האָט זיך דאָ אין שטיין שמשונס גבורה צעוואַקסן,
און ס'וואַקסט דאָ אינעם באַרג דער צאָרן פון שמשון הגיבור.

האַ־האַ, אין בלינדקייט, אין קייטן האָבן שמשונס אַקסלען,
געלאָזן פון תּפיסות, פון פלישתּים, נאָר הויפנס שוואַרציאָרן:
דער סווירער באַרג מיט יחוס פון יאָרטויזנטן אויף די אַקסלען,
וועט נאָך פאַר אַלע טויטן פון דיין פאָלק זיך צעצאָרענען!

זאָל נאָר אַ פלישתּי שטעלן קעגן סוויר אַן איינציקן שפּאַן,
וועט איבער פלישתּים פון גאָר דער ערד דער באַרג זיך צעשפּאַנען!

**ח**

**ריר זיך באַרג!**

און אַז געקומען איז דער דייטש קוילען דאָס שטעטעלע סוויר,
האָבן יידן געשריען צום בעל־מופת — דעם סווירער באַרג:
„ריר זיך באַרג! זאָלסט אונדז בשלום איבער קעפּ פון קוילער פירן!
זאָלסט קיין פעך און שוועבל, קיין טויט — קעגן דייטש ניט קאַרגן".

נאָר ווי אַן ענדלאָז שטיינערנער שד האָט שטום געגרווילט דער באַרג:
געוואָרן איז אַפילו גאָט אַליין — אַ יאַמערטאַל,
האָט בעטן זיך ביים טויט ניט אויפגעהערט דער סווירער באַרג:
„אוי, ליבינקער טויט — אדון עולם, שליידער מיך אין יאַמערטאַל!"

נאָר ווי אויף להכעיס האָט דער טויט ניט געענטפערט דעם באַרג,
ווייל ס'האָט ניט טויט, ניט גאָט, נאָר דייטש באַשערט דעם גורל
פון מענטש און בלום.
איבער די חורבות האָט מיט קנאה געקוקט דער סווירער באַרג,
אומזיסט געהאָפט אַז ס'וועט דער טויט — דער ווימטער בעל־רחמים
קומען.

איבער סוויר הערט שטייגן ניט אויף פון קללות דער באַרג, —
וועט נאָך אַמאָל דעם דייטש און דעם בייטש פאַרשילטן דער סווירער
באַרג.

**(דעם 13טן אויגוסט, 1953)**

מיין טאַטנס האַנטשריפט

19 - 41 תמוז

# העי, יעגער!

אונדזער שטיבעלע פון יונגע בעריאָזעס געפלאָכטן,
די ווענט, ווי מיין ליד צו דיר, פון בוים און פראָסטן צעמענט.
דורך די פענצטערלעך טרייבט דער יום־טוב ווייט אַוועק די וואָך.
ביינאַכט גלעטן דאָס שטיבעלע אוים לבנהדיקע הענט.

אונדזער שטיבעלע אין טיפעניש פון וואַלד
ווערט באַשיצט פונעם לעבן פון ווילדן אוראַלט,
זאָל נאָר אַ יעגער באַפאַלן אונדזער וואַלד,
וועט אריין אין אַטאַקע דער ווילדער אוראַלט:

די פייגל וואָלטן שאַרפן די שנאָבלען, ווי געווער,
דיביימער — דעם צאָרן קענגן העקער אויפוואַכן,
די פעלדזן — זייער אייגענער גבורה דערהערן,
און אַ שווערד וואָלט ווערן יעדער שאָטן פון דער נאַכט!

העי, יעגער, מיט יחוס פון וואָרצלען איז דאָ די אוראַלט יונג —
אויב אַ שריפה פאַלסטו דער ערשטער אין בראַנד פון די צונגען.

# איך און דו

אַ שטיבעלע אין וואַלד — און איך און דו.
אַ חלום האָט גאָר דאָס בייז פון היינט פאַריאָגט, —
איז נאָר דער מאָרגן דאָ און איך און דו.
מיר זיינען דאָ נאָנט פון ווייטסטן פאַרטאָג.

און נאָנט איז דאָ ווי דו דער ווייטסטער גליק —
אַ דאָרן לעבט בשלום מיט אַ בלום.
פון אַלע פעטליעס האָט דאָ אויסגעשטריקט
אַ לעצטע פעטליע — די פאַרבענקטע רו.

אַ לעצטע פעטליע פאַר דעם לעצטן תּליון —
פון אַלע תּליות — אַ לעצטע תּליה.
זע, אַ קללה שלינגט איין דעם לעצטן תּליון,
אין זונפאַרגאַנג ברענט די לעצטע תּליה.

דער טאָג האָט אויף די פענצטערלעך שוין איינגעדרעמלט.
ריוועלע, זע, אַ וועלט אַזאַ שטערנט אוים דער הימל.

## מיין שטילינקע, באָראָ־פּאַרקער מיידל

ווי קליין מיין שטילינקע באָראָ־פּאַרקער מיידל איז,
נאָר גרויס איז אונדזער ליבע, ווי דאָס שטיבעלע אין חלום.
אויף דעם אָרט פון יעדער תּפיסה שטייט דאָס שטיבעלע אין חלום,
איז אונדזער שטיבעלע העכער פון אַלע טורעמס — אַלע ריזן.

האָב איך וואונדער איבער וואונדער דיר אויסגעטראַכט,
ווי ס׳ווערט: אַ שטראַל פון מיין מאַמעס שפּרודלדיקן שׂכל,
טויזנט העלע דורות — פון דיינע טויזנט שמייכלען,
פון דיין גוטסקייט — דאָס גאָלד פון אַלע פאַרנאַכטן.

דער וואַלד שרייט, ווי ער וואָלט געריסן זיך פון בייז אַנטלויפן,
קעגן גאָר דעם האָס גייט אויף די אייביקע ליבשאַפט — לעבן:
זע, די מאַמע־פויגל קלייבט איר האָב און גוטס — די פייגעלעך צונויף
און לערנט קלוג און שטרענג די נייאינקע פייגעלעך לעבן.

דאָס שטיבעלע שלאָפט איין פון דער האָפערדיקער נאַכט געבענטשט:
מיט די שטערן סוידעט זיך אַ נאָך ניט געבאָרענער מענטש.

## נאַכט

דער לאָמפּ, ווי זון אַ שטיק, איז שוין אויסגעגאַנגען.
מיר זיינען דאָ אַליין מיט ווילדער נאַכט געבליבן:
מיט בוים און שטיין, מיט חיה און שלאָפנדיק געזאַנג,
ס׳איז אַ צאַרטער פּחד, ריין ווי טרייסט, ווי ליבע.

נאָר אָט שליידערט אונדז אַ הונט הינטישע גוואַלדן:
ניין, ס׳איז ניט קיין טרייסט, ניט קיין ליבע — ס׳איז מאָרד!
אויף אַ שטערן־שטעג, דורך העלער שרעק פון וואַלד,
איז ערשט אַ האָז אַוועקגעשפּרונגען פון מאָרד.

געבליבן איז דער הונט — אַן אָפּגענאַרטער גזלן,
אין אייגענעם עק, ביז פּיין איינגעביסן,
און שטשירעט מיט די ציין קעגן זיך — דעם נאַר.
אוי, האָז־האָז — העזעלע, כ׳גיב דיר אַ נייעם מזל —
זאָלסט מער קיינמאָל פון קיין מאָרד ניט וויסן,
נאָר פאַרשילט מיך ניט, אויב ס׳וועט דיך ווער פאַרנאַרן.

## פאַרבלאָנדזשעט

ביסט אַליין אין וואַלד. די נאַכט האָט דאָ יעדן שפּור צו דיר פאַרשלונגען.
אַ הירש לויפט פון יעגער, צעשאַרכט די שרעק דורך די יאַגדע־ביימלעך.
איך בלאָנדזשע בלינד דורך פיצלעך ליכט, ווי דורך צעבראָכענע
שפיגלען, —
כאָטש בעט ס׳זאָל ווייזן אַ שטעג צו דיר — אַ הירש, אַ פויגל, אַ בוים.

דאָס מינדסטע ווערימל איז איצט ביי זיך אַ זיגערישע שלאַנג.
אַ פייער־פליג, דורך חושך, איז ווי אַן אויג פון אַ וואַלד־רויבער.
די ביימער זיינען שונאים וואָס האַלטן מיך פון דיר געפאַנגען.
די שיינקייט — אַ כּישוף אַזאַ, מיט טויט צו פאַרצויבערן.

פלוצלונג: אַ ווייט פייערל, היימיש זעט די חיה אויס אין וואַלד.
דער געלבלעכער לאָמפּ גיסט דאָס שטיבעלע אין גאָלד פון שאָטען אויס,
ווי ס׳וואָלט אַ פאַרליבטער נאַכט־וואַנדלער פון מיין ליד געשניצט
די ווענט.
פון אַלע שטערן איז דאָס פּראָסטע פייערל שענער אין וואַלד.
און אָט איז ריוועלע — אַ וואַלד־מיידל פון שטיבעלע אַרויס.
דאָס פייערל פון פרייד און רו האָט הינטער זיך די נאַכט פאַרברענט.

## פון רעגן — ביז שטורעם

אויפן דאַך פון אונדזער שטיבעלע גייט אום דער רעגן.
אָט איז דער רעגן — אַ וואַסער־מיידל וואָס טאַנצט אַן טריט.
אָט הער איך סטאַיעס פייגעלעך מיט גיכע שנאָבלען פּיקן.
אָט גיט אַ וואַסערל אַ פליוסק אין לעבן און ווערט ניט.

אָט איז דער רעגן — אַ ים וואָס איז פון ברעג אַרויס,
אָט אַ שטורעם — אַ מחנה סתּם גאַלאָפּירנדיקע פערד
וואָס האָט די רייטער, מיט די פּאָדקאָווועס צעשטויסן
און לויפט אין געדריי, ווי ס׳וואָלט ווער פאַריאָגט פון אַלץ די ערד.

אָט ציטערט דורך אַ בליץ דעם רוים, ווי גליענדיקער פּראָסט.
צי וואוינט דער טויט אין חושך, צי אין ליכט, ווייסט די נאַכט.
קעגן אַזאַ קליין שטיבעלע האָט אַזאַ גרויסער שטורעם,
מיט אַלע זיינע ווילדע כּלי זין זיך פאַרמאָסטן.
כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט דעם וואַלד אַזוי לאַכן,
איז לאָמיר, ריוועלע מיין, לאַכן פון דעם שוטה — שטורעם.

## בליץ און דונער

ריוועלע מיין, הער, דער דונער קייקלט זיך ניט איבער בערג,
נאָר די בערג קייקלען זיך איבער דונער, און שרויט צעשאָטן.
אָט אַ בליץ — אַ ווילדער ריז: אַ זולל־וסובא, שלינגט איין בערג,
אָט, דעם בליץ פאַרשלינגט אַ ווייט געשריי, עמיצנס לעצטער טראָט.

איז אונדזער שטיבעלע, ווי פון בליץ און דונער אויסגעבויט,
די פענצטערלעך — פון נאָענטן בליץ, די ווענט — פון ווייטן דונער.
ס׳ווערט דער בליץ ניט מיד: אַריין־אַרויס — אַ שטיפערישער טויט,
און ס׳ווערט ניט מיד פון אויספּרואוון זיין באַריטאָן — דער דונער.

ריוועלע, מיר זיינען דאָ אַ שטיבעלע לידער אין וואַלד.
דער אומגליק איז אַ שונא מיט אַ גוף פון דונער און בליץ,
און דו — מיין דין מיידל ביסט אַזוי אויסגעאיידלט, צאַרט.
דער קאַץ־פויגל שרייט הילפלאָז איבער אונדז אַ קעצישן גוואַלד.
דורך דיינע אויגן בלענדט ווי טויזנט שווערדן איעדער בליץ.
די נאַכט איז אייביק, אויף טאָג איז זיך גאָרניט צו דערוואַרטן.

## „באַחרית הימים"

אין „באַחרית הימים" וועט נאָר בלייבן דער שטורעם,
צו דערמאָנען דעם אָנדענק פון לאַנג פאַרשוואונקטע דורות,
און שלאָגן זיך אַליין וועט דער איבעריקער שטורעם,
וואָס ער קען זיך אַליין ניט פאַריאָגן פון די דורות.

שילטן זיך אַליין וועט דאָס פאַרשאָלטענע ליכט פון בליץ
און מקנא זיין דעם איינציקן פונק פון פייערפליג:
אַ, אָן אָרעם גליווערימל צו זיין, נאָר ניט קיין בליץ,
כ׳וויל ניט יאָגן, ניט שרעקן, איבער קיינעם ניט זיגן.

און דונערן וועט קעגן אייגן געשריי דער דונער:
ניט דורך צאָרן וויל איך אָנזאָגן אויף קילן רעגן,
נאָר ווי אַ וואָלקן, שטיל, אין ברכות דעם פעלד זיך געבן.
דער וואולקאַן וועט באַגראָבן זיך פאַר חרפה קעגן זון,
וועט פאַלן אויפן וואונק פון מענטש — דער חכמה אַנטקעגן.
ווי פלייש און בלוט וועט אין אַלץ דער רעגנבויגן לעבן.

## נאָך ניט געבאָרענע טריט

אָ, ווי כ׳וואָלט געוואָלט אַ מענטש אַ נאָך ניט געבאָרענער זיין,
וואָס וועט אין הונדערט יאָר אַרום געבאָרן ווערן:
זיין אַ בענקשאַפט וואָס וואָלט אַפילו אין טויטן-צעל געשיינט.
דער צום טויט פאַרמשפּטער וואָלט אויך מיין טרייסט דערהערט:

כ׳וואָלט אים זיך אַליין, אין הונדערט יאָר אַרום געוויזן —
די טורמעס, אין די פייערן פון צאָרן שוין לאַנג פאַרברענט.
די פּעטליעס — פון בליצן, פון אַלטע שטורעמס צעריסן.
ער וואָלט דערזען ביים טויט — אַ תּליון מיט אָפּגעהאַקטע הענט.

איך וואָלט דורך הונדערט יאָר טרערן, ווי אַ ווינטעלע געגאַנגען,
מיט ניטאַאיקע טריט פון אַ נאָך ניט געבאָרענעם מענטשן.
כ׳וואָלט ביז גרונט פון טרויער, ווי אַ בשורה פון גליק אויפגעגאַנגען.
ווי אַ טייכעלע, אָן אויפהער, שעפּטשען ברכות צו דעם מענטשן.

דורך די נעכט, וואָלט איך, אין יעדנס חלום, ווי אַ סוד זיך פאַרטרויט
און ס׳וואָלט דורך מיר יעדער דערזען, אַ נייע ערד פון טרוים און ברויט.

## צו חלום

אַלע קינדער וואָס איך האָב ניט געלאָזט געבאָרן ווערן,
זיינען מיר צו חלום, אָט ערשט, אין מיטן נאַכט געקומען.
אַלע זיינען מיך באַפאַלן, ווי פאַלנדיקע שטערן:
קינדער — אויסגערונענע קוואַלן, אויסגעלאַכטע בלומען.

קינדער — מעשהלעך וואָס קיין ווינט וועט קיינמאָל ניט דערציילן,
זיינען דאָ אַצינד אין וואַלד געקומען, וועקן מיך פון שלאָף, —
איז גלייך מיין שטיבעלע געוואָרן — אַ פאַרשאָלטענע הייל,
פון ניט געהערטן געוויין, פון בלינדן אומגליק געטראָפן:

— אויב איר זייט קינדערלעך געקומען פון מיר לעבן מאָנען,
גיב איך אייך מיין גוף און ליד — אייער לעבן, אָט שוין אוועק.
נו, פלינק, טוט אייך קינדערלעך אָן געזונטערהייט, אין מיין לייב:
רייסן זיי פון מיר, אַ גליד נאָך אַ גליד, אַ צאָן נאָך אַ צאָן,
ביז ס׳בלייבט פון מיר: ניט געבאָרענער גאָרנישט ניט — שרעק
מאָל שרעק,
בין איך אַ ליד וואָס נאָר אַ ניט געבאָרן קינד קען שרייבן.

## באַרג איבער באַרג

דער וועג פון אונדזער שטיבעלע צום דאָרף,
איז אַ טאָל אַזאַ צווישן באַרג איבער באַרג:
דער טאָל האָט זיך אין טייכעלעך צעוואָרפן,
און פּלאַפּלט אויס זיין בענקשאַפט צו יעדן באַרג.

וועלדער, ווי אין מיטן פליען, איבער באַרג, —
ניט דערפלויגענע — גרין פון קנאה און האַס;
וועלדער, ווי אין פאַלן, גרייט צו האַרגענען,
גרויסן זיך, ווי אַ העכערע וואַלד ראַסע.

ווען ס׳וועט אַמאָל דער טאָל זיין בענקשאַפט גרייכן,
ווען ווערן וועט באַרג — פון טאָל און טאָל — פון באַרג,
וועלן ווידער ווי עדות, זען די הויכן,
ווי דער טאָל זוכט אין נידער — די הויך פון באַרג.

אַלץ רייסט זיך צו דער אייביקייט, צום אין סוף,
אויך אין אַ לעצטן בליק — אַזאַ ערשט האָפן.

## פאַרטאָג אין וואַלד

פאַרטאָג. דער וויפורוויל זאָגט אָן דעם וואַלד — פון טכויר ביז פויגל:
„ווי־פור־וויל, ווי־פור־וויל, איך בין דאָ, דער זומער איז נאָך יונג״.
פאַרטאָג איז אַפילו די קראָ אַ פאַנטאַסטישער פויגל,
וואָס אונטער אירע פליגל ווערט דער עלטסטער חושך יונג.

רייך בין איך, ווי דער וואַלד, מיט נאָך ניט געזונגענע לידער.
אָן ערשט צעעפנטער קנאָספּ איז יעדע רגע פון טאָג.
דער פאַרטאָג, אין טייכל, האָט פייער מיט וואַסער פאַרברידערט.
איצט קען אָן איינציקער שטראַל הונדערט וואָלקנס פאַריאָגן.

הונדערט דערנער — אַ ווייסטע באַנדע, דערשרעקט זיך פאַר אַ רויז.
מידאַס גייט אין וואַלד און בייט אום חיה, בוים און שטיין אויף גאָלד,
גאָלד קוועלט אַפילו פון אַ בלינדן ווערימל אַרויס, —
ס׳זאָל חלילה מידאַס ניט בייטן אונדז אַליין אויף גאָלד.

צי זינגט אין וואַלד דער פויגל — פון היינט, צי פון אַמאָל?
דער פּאָעט איז ווי אַ קוואַל אין מדבר אויך טויטערהייט.
מיט זאַפטן פון צייט איז אָנגעטרונקען דאָס ליד פון אַמאָל.
דער פויגל דערציילט: וואָס עלטער דער ווייַן, אַלץ יינגער די פרייד.

## ריוועלע מיין

אַ, וואָס האָט מער פון טויזנט פליגל?
וואָס איז נענטער פון אַט דער נאָנטער נאַכט?
הער, דער ווינט האָט טויזנט און איין פליגל,
אַ שעה מיט דיר האָט טויזנט און איין נאַכט.

די זון ביים שטאַרבן מאָלט אונדז אַזאַ חלום:
חלום און וואָר זיינען לייבלעכע ברידער,
צו דער וואָר וועט גרייכן דער ווייטסטער חלום.
די נאַכט פאַלט צו דורשטיק צום קוואַל פון מיין ליד.

די פייער-פליגן בויען פייער-וועגן,
מיט ליכט פון נאָך ניט אַנטדעקטע פּלאַנעטן.
די גריל, אין איר מאַכיקער היים, ווי אַ זעג,
דערמאָנט אין רויש פון נאָך ניט געבויטע שטעט.

פינצטער, ווי ס׳וואָלט פלוצים דער וואַלד ניט געוואָרן,
און דו, ריוועלע מיין, ביסט אַ חלום אין וואָר.

## אַ וועלט אַן שלעסער

דער פרייער וואַלד האָט אונדזער שטיבעלע פון שלעסער פאַרשטעלט.
די טיר האָט נאָך קיינמאָל קיין ריגל, קיין שלאָס ניט געטראָגן,
ווייסט ניט אונדזער שטיבעלע פון קיין גראַטעס אַרום דער וועלט.
אויף די פענצטערלעך שפּילט שוין די שיין פון לאַנג געגאַרטן טאָג.

אַ בוים איז דאָ נאָך קיינמאָל קיין תּליה ניט געוועזן.
ס׳האָט דאָ קיין פויגל נאָך קיינמאָל ניט געזונגען קיין ליגן,
קיין אָדלער קיינמאָל אין קיין שטייג פון חוזק ניט געזעסן, —
האָט שוין אונדזער שטיבעלע איבער אַלע טורמעס געזיגט.

איז גרינג פון אונדזער וואַלד, אַ וועלט אָן שלעסער זען, מיין מיידל,
וואו אַ קינד וועט נאָר אין אַ מעשהלע זען אַ שלאָס, אַ קייט,
וואו פאַרלאָשענע שלאַכטן וועלן שטומען אָן שווערד, אָן צאָרן.
זע, וואָס נעכטיקער דער טרויער, אַלץ מאָרגנדיקער די פרייד.
לאָמיר ווי גערטנער היטן די נאָך ניט פאַרזייטע בייטן,
ס׳זאָל קיין שפּרינקעלע בלוט ניט סאַמען דעם ווייַן פון די יאָרן.

# דער אַלטער עפּלבוים

דער אַלטער עפּלבוים — דער קלוגער זיידע,
איז ביי אונדזער שטיבעלע — דער באַשיידנסטער שכן:
מיט קרומע צווייגן, מיט פינגער אויסגעדרייטע,
גיט אַלעמען זיין פאַרמעג — דער גוטהאַרציקער שכן.

לאַנגע ווינטערס האָבן שוין צעגעסן אונדזער שכן.
די קאָרע שיילט זיך און ווייזט וואונדן אויפן הוילן גוף,
נאָר ס'האָט קיין שטורעם זיין חכמה קיינמאָל ניט געבראָכן, —
הערט ער ניט אויף דעם מענטש צו שיינקייט און צו שלום רופן.

און ווייַל ער הערט ניט אויף צו גאַסט דעם מענטשן בעטן,
זיינען די געשמאַקע אָרעמס תמיד געבן גרייט.
אויב ס'זאָל אַ מידער וואַנדערער פאַרבלאָנדזשען דאָ אהער,
האַלט ער ברידערלעך זיין קילן שאָטן שטענדיק אויסגעבעט
און איז מיט זיסע עפּל מכבד זיין אים גרייט,
סיי ביים נויג פון גוטמאָרגן, סיי ביים קוש פון די שטערן.



# אַ גוטן טאָג

טרויעריק שטיבעלע מיינס אין ווילדן וואַלד,
איך שטיי שוין ביי דיין שוועל און זאָג דיר אַ גוטן טאָג.
קראָען קראַקען דאָס געזאַנג אַרום פון וואַלד.
די גריל האָט שוין אַלע סודות פון זומער אויסגעזאָגט.

דער זומער איז שוין מיד פון גרין און גאָלד
און האָט פאַר ווינט און הפקר זיך צעשאָטן.
ס'האָט שוין היינט, מיין ליבסטע, צום לעצטן מאָל,
אין קלאָרן טייכעלע זיך אויסגעבאָדן.

אַ קמצן גיט שוין קורצע טעג און קאַרגע שיין.
ניט מיך, נאָר דעם יעגער וועט דער הירש באַגעגענען.
העי, שטיבעלע, זיי גרייט מיט זאַווערוכעס ווערן פריינט,
זיי גרייט דעם שונא — עלנט צו באַגעגענען.

אוי, שטיבעלע מיינס, מיט אַלע גילדענע טעג,
איילט טרויעריק דאָס טייכעלע ערגעץ אַוועק.

(זומער, 1951)

# אַ קליינע פּרינצעסן

רבקהן

מיינע לידער צו דיר, ווי דו, אַזוי צאַרט און קליין,
מיט אומרו פון ווינט דורך פאַרנאַכטיקן קאָרן.
יידיש, ווי דאָס טייכעלע דורך שטיינדעלעך ריינע,
איילט צו דיר, ווי יעדעס וואַסערל, קיל און קלאָר.

פּאַסט דיר יעדעס ליד, ווי אַ קרוין אויף אַ קליינער פּרינצעסן.
אָ, רבקה, מיידל מיינס, מיט אַ בענקשאַפט ווייט ווי מיכאַלישעק,
אָ, רבקה, ווייב מיינס, מיין דערוויילטע „באָראָ־פּאַרקער" פּרינצעסן:
כ'האָב דיך אויסגעטרוימט אין קינדישע הויכן פון מיכאַלישעק.

אונדזער איינציקער צימער אויף דעם זעקסטן שטאָק,
איז היינטיקער פון אַלע היינטס — נענטער צו אַלע מאָרגנס:
אַ שטיבעלע פון מאָרגנס אויף דעם זעקסטן שטאָק,
פון נאָענטסטן נעכטן איז דאָ נענטער דער ווייטסטער מאָרגן.

ביי די אָפענע פענצטער צעפאַלט אין טויזנט קושן,
דאָס ליד וואָס איך האַלט צו דיר איצט אין שרייבן.

1

# מאַי אין מיכאַלישעק און סווינציאַן

א

וואָס טוט אין מיכאַלישעק דער מאַי אַצינד
אויב ניט צו ווייזן וואָס ס'איז עלנטער פון אַ שטיין, —
און אויב דודם פידעלע איז אינעם ווינט,
קען נאָר אויף יידיש דודם פידעלע דאָ וויינען,
ווייל נאָר אויף יידיש האָט דאָ מיין פאָלק די זון געזען,
נאָר אויף יידיש איז דאָ די וועלט אַ מעשהלע געווען, —
איז אַ געבעט אַזאַ אין מיין שטעטעלע געבליבן,
אַ געבעט, ווי די האַנט פון אַ בעטלער אַ בלינדן,
אַ געבעט אַז אויך גאָט זאָל סיי זיין האַס, סיי זיין ליבע,
סיי שילטן, סיי בענטשן אויף אונדזער איינציקן מאַמע־לשון,
אויף אונדזער אויסגעלאַכטן, אויסגעוויינטן מאַמע־לשון.

ב

יידיש, מיט שיכּורלעכן טעם פון אַן ערשטן קוש,
ווי מיין מאַמעס אַנבליק פאַרגייט קיינמאָל ניט.
יידיש, צו דיר מיין ערשט געשריי, צו דיר מיין לעצטער קוש!
יידיש, מיט בלענד פון שייטערהויפנס אַנגעגליט —
ווער וואַגט קענען אַזאַ גרויזאַם ליכט זיך ווערן?
דורך אַזאַ בראַנד בלייבט פון שונא קיין זכר ניט.
יידיש, פּראָסט ווי ליכט דורך חרובע געסעלעך,
יידיש, פּשוט ווי די שטיינער וואָס האָבן געצאָרנט
קעגן שונא — אין ווילנער און וואַרשעווער געסעלעך.
אַזאַ טרער — אַזאַ פלאַם, וואָסער בעזעם קען פאַרקערן?
יידיש, ווי דעם מאַי איז דיר באַשערט אַזויפל יאָרן.

ג

וואָס איז אין סווינציאַן דער מאַי — מיין קינדהייט אַצינד,
אויב ניט אַקעגן זונאויפגאַנג — אַ בלינדער גרייז,
אַז ס'קען דאָ אַ ווינטעלע, אַ בלום, אַ שטערן, אַ גראָז,
נאָר דעם אייגענעם טרויער די שיינקייט ווייזן.
אַ ווינטעלע פלאַטערט, ווי אַ פאַרפייניקט, גופלאָז קינד,
פון טאַטע־מאַמע, פון הימל און ערד פאַרלאָזן.
אַ בלום איז אַ פאַרשפּילטע, מאָרגנדיקע פרייד,

אַ שטערן איז — אַן אויסגערונען אויג פון אַ קינד,
און וואָס איז אין שאָטן אַ גראָז, פון זון און פעלד צעשיידט,
אויב ניט אַן אומרו וואָס פלאַפלט ניט דערזאָגטע רייד?
אַ ניט דערזאָגט וואָרט איז אַ קדוש — אַש אין ווינט.

ד

וואָס איז אין מיינע שטעטעלעך דער מאַי אַצינד,
אויב ניט אַ בליענדיקער פחד איבער קברימלאָזע קינדער?
אַז ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל די שמחה פון אַ בלעטעלע דערזען,
ווי ס'וואָלט גאָר קיין שום אויג דאָ קיינמאָל ניט געווען,
איז דאָ אין יעדן ליכט אַ בלינדקייט אַזאַ פאַראַנען,
וואָס קען דער זון מיט גבורה פון גאָר דעם אומקום באַפאַלן.
דאָס עלנטסטע שאָטנדל דערשרעקט דעם פריידיקסטן שטראַל,
איז דאָ אין יעדער בלום דער צאָרן פון דאָרן פאַראַנען, —
איז דאָ דער מאַי — אַן אויסגעזוניקטער טויט,
איז דאָ די בענקשאַפט נאָך יידיש ביז שטאַרבן צאַרט —
צאַרט, ווי אין ווינט — אַ האַרצרייסנדיקע פלייט.

ה

גוט וואָס אין מיינע שטעטעלעך איז נאָך דער מאַי געבליבן.
די ווינטעלעך קושן נאָך פון יידיש דעם פראָסטן קלאַנג,
דער יידיש וואָס איז נאָך אין שאָרך פון חורבות געבליבן,
מיט גלי און ציטער פון קידוש השם אין יעדן קלאַנג.
אָ, ווער ס'לאָזט ניט יידיש, ווי אַ מאַמען ליב צו האָבן,
איז אַן ליבשאַפט, מיט שנאה פון אַ ראָב געבאָרן געוואָרן,
קען נאָר זיין אייגענעם האָס ניט אויפהערן ליב צו האָבן:
אָ, ס'איז נאָך קיין גאָלד דורך פייער פון האָס ניט געגאָסן געוואָרן.
אָ וויסט איז ער, ווי אַ מדבר-זינגער פון אַ שאַקאַלן-כאָר.
יידיש, וויפל שטיינער, וויפל שנאה ס'וועט דעם וועג אונדז צאַמען,
וועלן מיר, ווי מאַי זיך רייסן פון צעשפאָלטענעם שטיין.

ו

ברודער, אַן יידיש, וואָס איז דיין קינדהייט, וואָס איז דער מאַי,
אויב ניט, ווי אַן בליטן — אַ הוילע רויז?
ברודער, אַן יידיש, אַן דיין קינדהייט — אַן מאַי,
ווי רייסט מען פון אַזויפל טויט זיך אַרויס?
אָ, יידיש: טויזנט יאָר חלום, טויזנט יאָר מאַי!

# שונא פון יידיש–שונא פון מיין פאָלק!

א

יידיש איז אַ געוועזן שטעטעלע פון ליטע צי פון פוילן.
אין יעדער חורבה פוסטעווען פרי־פּאַרשניטענע יאָרן.
דאָ שוועבט נאָך אַ מזל, ווי אויף צעבראָכענע פליגל,
דאָרט בענקט אַ שפּילכל נאָך אַ געוועזן קינד.
דאָ שרעקט אַרויס די פוסטקייט פון אַ ליידיקן וויגל.
האָרך, דאָ זוכט דעם זינגער — אַ ניט דערזונגען ליד.
דאָרט שטומט אַ וואָרט — אַן אָפּגעהאַקטע צונג,
דאָ יאָמערט אַ וואָרט — פון שעכטער ניט דערקוילעט.
דאָרט רייסט אויף אַ וואָרט — אַ בראַנדיקע וואָרנונג, —
אַ קללה אַזאַ וואָס פאַרקילט דאָס האַרץ פון פאַררעטער.
דאָ טאָגט אַ וואָרט — אַ פירנדיקע שיין: אַן עמוד־אש.

ב

יידיש, אוי מאַמע־לשון, אוי, טאַטע־לשון,
דורך דאָרנדיקע דורות — אַ געיאָגטער וואַגלער,
ווי מיין פאָלק אויף יעדן וואַנדער־וועג דורכגעטריבן,
איז שטעכיק פון מיין פאָלק דאָס צאַרטע לשון,
איז יידיש בראַנד און צאָרן פון טויזנט יאָר וואַגל —
איז יידיש — אַ דאָרנדיקער יאָרטויזנט דורך דעם שונאס אויגן, —
ברעכט יידיש, ווי מיין פאָלק — יעדע קייט, יעדן שלאָס,
קען קיין ייד אַן יידיש זיין פאָלק ניט האָבן ליב,
ווי ס׳קען קיין שפּאָן קיין זאַפּט פון וואָרצלען ניט זויגן, —
איז דער שונא פון יידיש — דער שונא פון מיין פאָלק.
יידיש, אוי, טאַטע־לשון, אוי, מאַמע־לשון.

ג

אָ, וואָסער לשון קען נאָך ווי יידיש דערציילן,
פאַרוואָס דער טוי איז שטענדיק פאַרוויינט, —
אָ, מיין פאָלק קען טויזנט דערנער צו יעדער בלום ציילן.
אויף יעדן געלעכטער לויערן טויזנט געוויינען,
נאָר גרינגער איז הערן טויזנט געוויינען,
איידער פונעם אָפּלאַכער — איין היענע געלעכטערל.
העי, דו פון גאווה, פון שנאה און פון חוזק — וויסטער בויער,

פאַראַן אין דיין געלעכטערל דער פּרצוף פונעם שעכטער,
ווי קענען לעצטן, הילפלאָזן הילף־געשריי — דער לאַכעדיקער רוצח:
די ערד פון דיין קבר וועט ניט פאַרמאָגן קיין טרויער.
דיין חוזק, ווי אַ קראַ וועט קראַקן איבער דיר אַ שוואַרץ יאָר.

ד

נאַכט, ווייטע פייערלעך מיניען אויס אַ שוועבנדיק רויזן־פעלד.
יידיש, הונדערטער יאָר לאַכן מיר איין געלעכטער,
יידיש, הונדערטער יאָר וויינען מיר איין געוויין,
איין גורל האָט הונדערטער יאָר אונדז באַגלייט,
פון וואָר — צו חלום, פון חלום — צו וואָר,
פון אַלטע אומגליקן — צו נייע וואַנדערוועגן
יעדער שטיין האָט קענען שונא אונדזער צאָרן אויסגעשליפן.
ברודער שלייף דעם צאָרן, ועסט אים לאַנג נאָך דאַרפן,
מיט דעם צאָרן היט די ליבשאַפט — די מאַמע יידיש:
לאָז דאָס קול פון נבזה ניט צעגרילצן אונדזער לויטער געזאַנג,
לאָז די גלאַטע צונג ניט פאַרפלאַכן אונדזער יעדע טיף.

ה

יידיש איז דער צער פון מיין מאַמעס פאַרבראָכענע הענט,
יידיש איז ערדיש, ווי מיין מאַמעס פשטות און גוטסקייט,
מיין באָבעס טרער פון האָפענונג דורך יעדן טרויער צעשיינט,
אין איר גרויער שטוב — די לויכטנדיקע מלכּה שבת,
איבער אָרעמער „אַלדאָסגוטס״ — די ערשט געבענטשטע ליכט.
איז ווער קען ליב האָבן ביז דער טיפסטער טיף, אַן דער מאַמעס
צער און פרייד?
ווער קען האַסן דעם שונא אַן דעם טאַטנס ליבשאַפט און צאָרן?
ווער קען שטאַרק זיין, ווי קענען „תהו־ובוהו״ — די עשרת הדברות,
אַן דער באָבעס גוזמאדיקן לויב, אַן דעם זיידנס מעסערדיקן מוסר?
אָ, טאַטע, מאַמע, זיידע, באָבע: גבורה פון פאַרוואָרצלטע דורות,
אויך איבער מיין קבר, וועט יידיש שטענדיק בליען — אַ האָפערדיקע רויז.

ו

אייביק וועט מיין מאַמע אין יעדן ווינטעלע זיך צערעדן:
„יידיש: אונטער דעם שונאס בייטש מיין צעבייטשט בלוט און פלייש.
אָ, די האַנט וואָס שלאָגט יידיש הערט טויטערהייט ניט אויף מיך שלאָגן״.
אייביק וועט דער פרילינג דורך גראָז און זאַנג און בלום,
אין מיינע פוסטע שטעטעלעך אויף יידיש זיך צערוישן.

# די צוואה

## א

ברודער, טרעט צאַרט אויף שטויב, אַ שטויב ווי אַ וואונד טוט וויי.
אָ, הער, דער שטויב, אונטער דיין פוס, שווייגט אויף יידיש אוים,
פון אַלע מיתה־משונות — איעדן געוויין.
אָ, דער שטויב קלאָגט אָט די הייליקע צוואה אוים —
האָרך, ס'איז די צוואה פון קברימלאָזע יידן:
„יידיש זיינען מיר — פעך און שוועבל, זון און האַגל.
יידיש איז דער לעצטער בליק פון שוועסטער און ברידער —
דער בליק, ווי אַ גלגול דורך נאַכט און שטורעם וואָגלט:
ברודער, לאָז אונדז ניט ווערן קיין מעשהלע פון אַמאָל,
קיין לעצטער שטראַל פון אַ געזונקענעם זונפאַרגאַנג.
יידיש רעד, כּדי זאָלסט ניט פאַרשטומען אונדזער קול,
ס'זאָל דורך דיר ווידער זינגען אונדזער דערוואָרגן געזאַנג.

„יידיש זיינען מיר — דער מוראדיקער פלאַם פון מאַידאַנעק,
צאָרנט יידיש פון אונדזער אַש אַרוים — אַ וואָרנדיקע שרעק".

## ב

ווער וואַגט פאַרלאַכן די צוואה פון דער וואַרשעווער געטאָ:
„יידיש זיינען מיר — מיט פויסט, מיט ביקס, מיט ציין קעגן שונא,
אַ צאָרן קאָכעדיק ווי דאָס בלוט פון דער וואַרשעווער געטאָ —
אַ צאָרן — אַ קראַ אַזאַ וואָס פליקט דאָס האַרץ פון שונא.
יידיש — אַ געיאָמער אַזאַ וואָסער טויט קען פאַרשטומען?
יידיש — אַ תוכחה אַזאַ וואָסער קללה קען פאַרשילטן?
אָ, ווי דיין פאָלק, ווי דער ים זאָל יידיש קיינמאָל ניט פאַרשטומען,
כּדי אונדזער בלוט זאָל קיינמאָל, קיינמאָל ניט ווערן פאַרקילט,
אינגאַנצן יידיש זיינען מיר — יעדעס וואָרט איז אונדזערס אַ גליד —
יעדער אות: פון פאַנאַר, פון פאָלעגאָן — אָן אויסגעלאַכטע טרער:
פון דער גוטער מומע ביילקע — די ניט דערזאָגטע ווידוי,
איר געבעט: פון איינציקן בעל רחמים — פון טויט אַליין דערהערט.

„יידיש רעד, דורך דיר זאָל אונדזער האָס ניט אויפהערן צאָרענען.
יידיש רעד, דורך דיר זאָל אונדזער ליבשאַפט יעדן פרילינג אויפמאָנען".

: :
:

ברודער, דורך יעדן חן פון יידיש, זע אַ נייעם באַגינען,
דורך יעדן קלאַנג הער אַ נאָך ניט געבאָרענעם יידן.
וויפל ווערטער אין יידיש, וויפל שטראַלן אין באַגינען,
אַזויפיל מאָרגנדיקע יידן וועלן נאָך לאַכן אויף יידיש.
יידיש, דער וואונדער וואָס האָט אויף גאָר דער ערד,
ווי משהס שטעקן, ביי יעדן שליידער זיך צעבליט,
וועט נאָך צעטאָגן פינצטערן אַש זיין באַשערט.
יעדער אונטערגאַנג וועט פאַרגיין ביים אויפגייענדיקסטן ליד:
„זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".
מיט חכמה פון גלייך-ווערטל, מיט גינגאָלד פון פאָלק-ליד,
לויכט מיין מאַמע-לשון — אַן אייביק ערשטער וועג.

## הירשקע לעקערטס יידיש

ברודער, לערן זיך יידיש פון אייביקן הירשקע לעקערט,
דעם ליכטיקן שוסטער-יונג פון ווילנע — ירושלים פון ליטע:
יידיש — דער צאָרן פון די ערשטע ערשטער-מאַי מאַרשירער,
דורך די שמיץ פון פאָן וואָלס חוזקדיקע ריטער.

אָ, ניט סתם אַזוי, ניט פון צייט פאַרטרייב
האָט הירשקע אויפן דיל פון טויטן-צעל געמאָלן
אַזאַ תּליה — אַזאַ צאָרן וואָס קיין לשון קען ניט שרייבן, —
איז יידיש — די קללה וואָס הירשקע האָט מיט געשמידטע טריט געשריבן,
אָרום און אַרום דער סופלאָזער נאַכט פון טויטן-צעל, —
איז יידיש — הירשקעס טויט וואָס איז אין אונדז לעבן געבליבן,
איז הירשקע לעקערטס יידיש — אַ האַק אַזאַ פון צאָרן
וואָס שרעקט דער גרויל פון דורות — פון תּליות דעם וויסטן צאָרן,
הילכט דורך אַלע מאַיען הירשקעס יידיש — די האַק פון צאָרן.

יידיש — הירשקע לעקערטס זעאונג אויף דער תּליה:
אַ חלום, ווי דער ערשטער שמייכל פון אַ קינד אַזוי העל,
אַ חלום, וואו פאַרליבט איז אין דער בלום אַפילו דער דאָרן,
אַ חלום וואו דער לעצטער תּליון וואַרט אין לעצטן טויטן-צעל.

# וואָס הירשקע לעקערט האָט געקלערט אין טויטן־צעל

ווער ס'האָט ניט געזען ווי ס'פליט אַ פויגל פון אַ שטייג אַרויס,
האָט נאָך קיינמאָל קיין פויגל ניט געזען,
איז נאָך קיינמאָל אַליין פריי ניט געווען.
ווער ס'האָט קיינמאָל ניט געלאָזט קיין פויגל פון אַ שטייג אַרויס,
האָט קיינמאָל קיין מענטש ניט געפירט דורך אַ ברענענדיקן הויז,
האָט קיינמאָל קיין מענטש ניט געזען, —
פאַרגינט מיך אַפילו ניט מיין קאַרצער אין טויטן־הויז,
איז קיינמאָל אין מין מענטש ניט געווען.

• •
•

הירשקע, צי קען אַ מענטש אַ רגע פאַרן הענגען,
זיך דערמאָנען, ווען ער האָט געלאַכט צום לעצטן מאָל,
ווען ביי דער תּליה גרייכט פון ערגעץ אַ קינדיש קול?
אָ, ווען כ'וואָלט געקענט דיך, הירשקע, אַ רגע פאַרן הענגען,
די בשורה פון ליכט און בראַנד, דורך דיין חושך ברענגען,
אַז ניט דו, נאָר דער תּליון וועט פינצטערער אַמאָל, —
וואָלסטו אוודאי, הירשקע, אַ רגע פאַרן הענגען,
געלאַכט אַזוי אַז ס'וואָלט דעם תּליון דערוואָרגן דיין קול.

# יידיש אין מיטן טאָג

דער מיטן טאָג דערמאָנט אין געזונטן רעש פון גאַסן — די מאַמע יידיש
וואָס האָט שוין הינטער אונדז אויסגעטראָטן די דערנער פון גאָר
דער וועלט.
דער מיטן טאָג דערמאָנט דורך נייע דורות — נייע יידן: אוראַלטער
יידיש.
אָ, יידיש — טויזנט יאָר זונאויפגאַנג וועט קיינמאָל ניט פאַרגיין
אויף דער וועלט:

אויב ניט אין ניו־יאָרק איז אין טשילע, צי אין תל־אָביב, צי אין
„שאַן גרע לאַ".
וועט יידיש אייביק־אייביק הילכן, ווי אַ פּרילינגדיקער וואַסערפאַל,
און אייביק וועט מיכאַלישעק יידיש דערהערן אינעם צאַרטסטן
טריף פון אַ טוי.
אַזויפל דורות — אַזויפל שטערן ווערן צווישן די קרומסטע שאָטנס
ניט פאַרפאַלן.

שווער נאָר ברודער, ביי אָט דעם מאַמעדיקסטן יאָרטויזנט,
ס'וועט דער הילך פון יידיש קיינמאָל ניט פאַרשטומען,
ס'זאָל דיין טראָט ניט בלייבן פאַרשאָטנט,
ס'זאָל דער שטויב פון דיין קבר אויך נאָך דיין טויט דיין קול ניט
פאַרשטומען.

שווער נאָר ברודער, ווי איך, ביי מיינע זעקס און פערציק יאָר —
ס'וועט יידיש, ווי אַ רווישנדיקע ראָד פון מיטן קיינמאָל ניט אַרויס.
די מאַמע יידיש בלייבט שטענדיק, נאָך אַלע געפאַרן, אין מיטן טאָג:
דור איין, דור אויס אַזוי, שטורעם איין, שטורעם אויס, סוף איין, סוף אויס.

אָ, ברודער פון פאָנאַר, פאַר מיין טויט וועל איך שעפּטשען דיין
הייליקע ווידוי:
ווי, אָן יידיש ווי קען העל זיין דער מיטן טאָג?
יידיש — דאָס קול פון מיינע קברימלאָזע שוועסטער און ברידער,
איז אייביק, ווי מיין פאָלק אין מיטן, העלן טאָג.

# די ערשטע שעה

אַ, וואָס איז יינגער פון דער ערשטער שעה פון אונדזער נייעם שול־יאָר?
ווי דער אָנהייב פון אַ וועלט שפּראָצט אַן ערשט וואָרט אַרויס.
די מאַמע יידיש האָט שוין דאָ די ערשטע אותעלעך געבאָרן
און קוועלט מיט טעם פון לעקעך פון יעדן קינד אַרויס.

אַט איז אַן אות — אַ שטראַל, אַ קלאַנג — אַ זין, אַ קינד — אַ ליד.
זע, ס'קען די נאַכט קיינמאָל ניט פאַרשטעלן דאָס טאָגן!
און קינדער וואָס זיינען שוין מיט יידיש גוטע ברידער,
הער: ס'וועט דער ליגן דעם אמת קיינמאָל ניט פאַריאָגן.

אַן ערשטע שעה מיט חכמה פון דורות לויכט אין אונדזער שול:
חכמה פון וואַנדער, מיט ריחות פון שטעכיקע רויזן.
אַ מעשהלע פון ליכט און פרייהייט איז דער לערער אין שול,
יעדעס קינד — אַ העלד וואָס וויל פון מעשהלע ניט אַרויס.

אַ, אונדזער פאָלק האָט נאָך מעשהלעך אַ פולן טינטער —
אַ מעשהלע איז עמוס, פּרץ, רות און ישעיה,
עמוס מאָנט דעם מאַי פאַר אַלעמען אין מיטן ווינטער,
דער פּאַסטעך עמוס שמעקט מיט פייגן, מיט פעלד מיט פרייען.

פּרץ איז די שאַרף פון מעסער דורך היימישן טאָרט.
רות בינדט איר מזל אויס, ווי אַ גאַרב, פון בועז קאָרן.
ישעיה הנביא ברעכט די שווערד מיט דונער פון וואָרט.
ישעיה האָט שלום פאַרזייט ביז אין סוף פון די יאָרן.

דאָס שענסטע מעשהלע איז ביז לעצטן בענקל, אַ פולע שול.
ס'האָט אַברהם יידישע קינדער געזען ווי שטערן,
איז זאָל מיט יידישע קינדער זיין אויסגעשטערנט אונדזער שול —
אַ, אַזאַ שול וואָס דער ייד פון וויטסטן דור וועט דערהערן.

## שול טוער

צו יעדן וועכטער פון אונדזער שול — אַ ברכה היינט,
אַ ברכה פאַר די מלכּהס, משהס, כּייקעס, וועלכע קומען
מיט ליכטיקע קינדער —טונקעלע קעלערס צעשיינען.
אייער לוין איז פון ווייטע גערטנער יעדע מאָרגנדיקע בלום.

שייערן קינדערלעך יידיש אין נעכטיקע קראָמען,
קומען דאָ ניט קיין כּיטרע הענדלער, קיין גרויע קרעמער, —
קומען עמוס, לינקאָלן און ישעיה אין פאַרלאָזטע קראָמען,
קען דאָ דער ווילדסטער וואָלף פאַר ישעיהן זיך פאַרשעמען.

היטער פון אונדזער שול, אייער קלאַפּ אין פרעמדער טיר ,
זאָגט יידישע קינדער אַ מזל אַ זוניקן אָן.
אין שול: רייען קינדער — רייען מאָרגנס צעצירטע,
יידישע ווערטער פאַרזייען בשורות, ווי הויפנס זאָמען, —
יעדע בשורה טוט אַ קאָרטשע דעם חושך פון אונדזער יאָרהונדערט.
אייער לוין איז פון בלי און פון שלום — די פשוטע וואונדער.

## לייבל

(אין אָנדענק פון יידישן לערער,
מיין פריינט — לייבל שאַפּיראָ)

ניין, לייבל, ס׳איז דיין געלעכטער אויף אייביק ניט פאַרשטומט,
ניט פאַרלאָשן אויף אייביק אַלע באַגינענס,
פון געבונדענע יאָרטויזנטן רייסט זיך אונדזער באַגינען.
ניין, לייבל, ס׳איז דיין געלעכטער אויף אייביק ניט פאַרשטומט.
ניט פאַרוועלקט האָט דער האַרבסט אַלע דיינע זומערס:
יעדער זומער וועט דיך אין בוים, אין קינד און בלום געפינען.
ניין, לייבל, ס׳איז דיין געלעכטער אויף אייביק ניט פאַרשטומט,
ניט פאַרלאָשן אויף אייביק אַלע באַגינענס.

הער, וויפל קינדער אין די „לייבל שאַפּיראָ שולן",
לאָכן יידיש, לאָכן מאָרגנדיק דיין געלעכטער.
פון דיין בילד זעסטו אַ וועלט פון ליכט און געלעכטער.
דו בליסט דורך יעדן קינד פון די לייבל שאַפּיראָ שולן,
מיט דיין שמייכל איז איעדער שטראַל דאָ פול
און מאַמע לשון קוועלט ווי דו אַזוי עכט.
הער, וויפל קינדער אין די לייבל שאַפּיראָ שולן,
לאָכן יידיש, לאָכן מאָרגנדיק דיין געלעכטער.

לייבל, פופציק יאָריקער יינגל, ליכטיקער:
ביסט אַוועק דעם מענטש דורך דור־דורות ליבן.
אויף דיין אָרט זיצט די יידיקייט אַזוי טריב.
לייבל, פופציק יאָריקער יינגל, ליכטיקער,
דורך יעדן יידישן אות לעבט דיין ווענד און קער.
ביסט אין אונדזער בענקשאַפט אַזאַ גליענדיקער געבליבן.
לייבל, פופציק יאָריקער יינגל, ליכטיקער,
ביסט אַוועק דעם מענטש דורך דור־דורות ליבן.

ווי, אַזויפל פלינקע ניט אויסגעשפּילטע שפּילן,
זוכן דיך פאַריתומט אַזוי, לייבל.
ביסט פון שטערן די העלסטע שפּיל, לייבל.
ביסט פון מאָרגן — די נאָך ניט געשפּילטע שפּילן,
פון מענטש און חלום — די זוניקסטע שפּיל.
דיין חלום זיינען מיר אַלע, לייבל.
מיר שפּילן דיינע ניט אויסגעשפּילטע שפּילן.
דו לויכסט דורך אונדז, קעגן יעדן חושך, לייבל.

וואָלסטו מיט אונדז ביי דיין קבר געשטאַנען אַצינד,
וואָלסטו געזאָגט: אויך פון קבר זע איך ניט מיינע יאָרן,
ווי צעפּליקטע בלעטער, דורך אַ וויסטן האַרבסט געטראָגן.
וואָלסטו מיט אונדז ביי דיין קבר געשטאַנען אַצינד,
וואָלסטו געזאָגט: אויב איך בין ווינט און גראָז געוואָרן,
ווערט יעדעס בלאָנדזשענדיק קערנדל דורך מיר צעגרינט.
וואָלסטו מיט אונדז ביי דיין קבר געשטאַנען אַצינד,
וואָלסטו געזאָגט: מענטש, כ'בין מיט דיר ביז אין סוף פון די יאָרן.

# אַ קינד וואָס וואַקסט אַ גאון

## א

— מאַמע, אויף וואָסער שפּראַך קען דאָס טייכעלע רעדן?
ווער קען, ווי שלמה, די שפּראַך פון טייכעלע פאַרשטיין?
— דאָס טייכעלע קען, ווי איך און דו יידיש רעדן —
איז גרינג, ווי יידיש, די שפּראַך פון טייכעלע פאַרשטיין.

— מאַמע, ווי לאַנג וועט נאָך ייד מיט ייד יידיש רעדן?
— אַזוי לאַנג ווי טייכעלעך וועלן וואַסערלעך געבן,
אַזוי לאַנג ווי וואַסערל מיט וואַסערל וועט רעדן,
אַזוי לאַנג, מיין קינד, ווי טייכעלעך וועלן לעבן.

— מאַמע, וויפל וואַסערלעך קען דאָס טייכעלע פאַרמאָגן?
— אַזויפל שטערן האָט נאָר אַברהם געפונען,
אַזויפל יאָר, מיין קינד, וועט אונדזער פאָלק נאָך טאָגן,
דורך אַזויפל שפּיגלען, שפּיגלען זיך זיבן זונען.

— מאַמע, יע, כ'הער ווי יידיש, דאָס טייכעלע רוישן.
— מיין קינד, ס'וועט קיין ים דאָס טייכעלע ניט פאַרשטויסן.

## ב

— מאַמע, פאַרוואָס איילט דאָס טייכעלע אַזוי פון שטיין צו שטיין?
וואָס ווילן די וואַסערלעך אויף יידיש אונדז דערציילן?
— דאָס טייכעלע דערציילט פון טעג אַן שווערד, אַן נויט, אַן געוויין,
ווען דאָס מעסער וועט נאָר אַ לעבעלע ברויט קוילען.

דערפאַר, מיין קינד, ווערט דאָס טייכעלע גאָר ניט מיד,
די שטיינדעלעך צו גלעטן, צו צוואָגן און צו וואַשן,
דערפאַר, מיין קינד, ווערן וואַסערלעך גאָר ניט מיד,
איינע די אַנדערע צו האַלדזן זיך און צו קושן.

און ווילסטו, מיין קינד, עפּעס ביי דער חכמה פרעגן,
איז פרעג, מיין קינד, דעם קלוגן טייכעלע אַליין:
דאָס טייכעלע איילט שטענדיק הערן דיר אַנטקעגן,
פרעג, וועט דאָס טייכעלע ענטפערן דיר אַליין.

פרעג, ווען ס'וועט דיין לעצטע שאלה דעם לעצטן ענטפער גרייכן,
וועט משיח קומען און ברענגען אַ נייעם פרעג-צייכן.

ג

— וואוהין איילסטו טייכעלע, וואו געפינסטו אַ היים,
ווען פון לאַנגן וואַנדער ווערסטו, ווי איך פון שפּיל, מיד?
אפשר וואָלסטו אַ ווייליקנע, ווי מיין טראָט, ווי דער בוים,
זיך אָפּשטעלן, זיך צוהערן צו דיין אייגן ליד?

— מיין קינד, נאָר דער פוילער, דער טויט און דער ליגנער,
קען די צייט, ווי אַ קייקלענדיקן שטיין אָפּשטעלן.
וועלכער גיבור קען אַ, רגע אין גאַנג, באַזיגן?
נאָר יהושע קען די זון אין מיטן טאָג אָפּשטעלן.

— מיין קינד, טייכעלעך זיינען אייביקער אין מיטן וועג,
וועלן טייכעלעך קיינמאָל ניט וויסן פון קיין סוף.
דער מיטן איז שטענדיקער אָנהייב, איז ניטאָ קיין ברעג,
דעם מיטן קען קיינמאָל ניט פאַרנאַרן דער סוף.

ס'האָט די חכמה פונעם טייכעלע דעם קינד געגומען
און געוויזן: אָן אָנהייב, אָן סוף — אַזאַ אייביקע בלום.

ד

— וואָס איז מאַמע מאַמעדיקער פון אַלע שפּראַכן?
וואָס איז מאַמע שענער פון אַלע יאַמען?
— יידיש, מיין קינד איז מאַמעדיקער פון אַלע שפּראַכן.
דאָס טייכעלע, מיין קינד, איז שענער פון אַלע יאַמען.

— מאַמע, פאַרוואָס הערט דאָס טייכעלע קיינמאָל ניט אויף צו לאַכן?
ווען הערט דאָס טייכעלע קיינמאָל ניט אויף צו יאָגן?
— מיין קינד, דאָס טייכעלע הערט ניט אויף פון יאָלד גאווה צו לאַכן.
די וואַסערלעך הערן ניט אויף דעם שונא לאַנגווייל צו יאָגן.

— מאַמע, וואָס איז אויף דער וועלט די טרויעריקסטע שיין?
— מיין קינד, די שיין פון אויגן וואָס קען נאָר לויכטן דורך טרערן.
— מאַמע, איך וויל אויך אַ קינד פון טייכעלע זיין.
כ'וויל דורך שטיין און דאָרן אַן איילנדיק וואַסערל ווערן.

— יע, מיין קינד, מיר וועלן נאָך אַלע — קינדער פון טייכעלע זיין,
ווי גיכע וואַסערלעך, ריין פון טרערן, אייביק-אייביק זיין.

# אַ גרעזעלע

## א

אַ גרעזעלע איז צווישן שטיינער געבאָרן געוואָרן,
איז דאָס גרעזעלע אָך און וויי, דאַר און קוואַר.
לכּבוד דעם גרעזעלע זינגען אַלע פייגעלעך אין כאָר.
אַפילו די קראָ שרייט: „גוואַלד מאַכט אַ וואַרע!"

פאַרמאָגט דאָס גרעזעלע פון אָרעמקייט איעדן צייכן,
אַפילו דער טוי פאַלט אויף אים ווי טרערן:
איז דען אַ וואונדער וואָס ס'איז דאָס גרעזעלע, ווי די שרעק בלייך,
מ'קען דאָך צווישן שטיינער פאַרשטיינט ווערן.

מיינט ס'גרעזעלע אַז קיין גרעזעלע אַז קיין געלעכטער איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט,
נאָר אָט טוט אַ שמייכל צו אַ בין די בלום,
האָט ס'גרעזעלע מיט טויזנט ווינטעלעך זיך צעלאַכט אין פעלד,
און מיט יעדן שטראַל זיך אַרומגענומען.

אַלע שטיינער האָט דאָס גרעזעלע צעשפּאַרט.
דעם טויט אַליין האָט דאָס גרעזעלע אָפּגענאַרט.

## ב

ס'האָט דאָס גרעזעלע פון קיינעם קיין גלעט ניט געקראָגן,
פון דאָרן געכאַפּט — אַ שטאָך, פון שטיין — אַ שטורך, אַ שטויס,
נאָר ווי ס'רייסט פון דער נעץ פון דער נאַכט זיך אַרויס דער טאָג,
רייסט דאָס לעבן דורך דאָרן און דורך שטיין זיך אַרויס.

דער מאַי האָט מיט אַלדאָסגוטס דאָס גרעזעלע דערנערט.
דער פויער האָט דעם מאַי דורך די קערנדלעך צעשאָטן,
האָפּט אַפילו צווישן שטיינער דאָס גרעזעלע אין פעלד,
כאָטש דין איז ס'גרעזעלע — אַ שאָטן פון אַ שאָטן.

אַן ערשטער שטראַל האָט אונדזער גרעזעלע פון שלאָף געוועקט,
אַפילו דער דאָרן — דער טויבער דראָנג האָט די פרייד דערהערט,
נאָר קעגן דאָרן האָט אים כּוחות פון אַ גיבור געקלעקט:
מיט יעדן ווינטעלע טאַנצט אונדזער גרעזעלע אַ שער.

אויף יעדן דאָרן האָט ס'גרעזעלע געוואָרפן אַ שרעק:
ס'האָבן שוין די דערנער אים לעבן ניט פאַרווערט.

# פֿרילינג אויף „אָשן פּאַרקוועי״

א

פרילינג איז יעדעם יינגל, יעדעם מיידל,
אויף דעם בייסיקל וועג פון „אָשן פּאַרקוועי״.
ווי צו איין ציל, איין האָפענונג, איין פרייד,
איילן ענדלאָזע אויטאָס דורך אָשן פּאַרקוועי.

די ריינע רגעס פון דער ערשטער ליבע,
ווי מיט די ליפּן, אין דער לופט, צו באַרירן.
אָוונט, פון טאָג איז אַ לעצטער קוש געבליבן,
דער קוש האָט דורך פייערן פון שטאָט זיך צעצירט.

איך פאָר אויף מיין בייסיקל דורך הארץ פון פרילינג.
דאָס ליכט פון אויגן, ביים הילך פון געלעכטער,
איז העלער, פרילינגדיקער פון אַלע פרילינגס, —
גיב אַהער מענטש, אַזאַ מין אַ, געלעכטער!

איך פאָר אויף מיין בייסיקל ביז ווייטסטן דור:
הער, דער מענטש לאַכט ליכטיקער פון דור צו דור.

ב

די שיינקייט פון דער עוועניו טוט אַזש וויי.
ביז לויטערסטן לויטער טוט אַלץ אַזוי באַנג.
דער פרילינג פאָרט אויף בייסיקלעך דורך אָשן פּאַרקוועי.
דער פרילינג צעשוועבט די שלאַנקע מיידלעך שלאַנקער.

ביי די זייטן פון דער עוועניו קרוינען זיך ביימער,
קושן זיך פייגעלעך מיט ליכט און מיט וואונדער —
זיינען מיט שאָטנס פון פייגעלעך קיל די ביימער.
אינמיטן איינזאַמען אינדזעלעך גראָז באַזונדער.

און אָט איז אַ פערדל צו אַ וואָגן געשפּאַנט,
ווי פון סווינציאַנער מאַרק פאַרבלאָנדזשעט אַהער.
דער טרייבער, ווי טאַנקע דער פורמאַן, מיט בייטש אין האַנט,
טרייבט אַ פרילינג פון מיין שטעטעלע אַריין אַהער.

הויך, איבערן פערדל רימט זיך אַן עראָפּלאַן מיט זיג,
נאָרביידע וועלן בלייבן — קינדער פון פרילינג.

# רבקה

רבקה, ליכטיק מיידל פון גרויע, באָראָ־פּאַרקער געסלעך,
מיט גאָר דיין ליכטיקייט ביסטו אַזאַ מאָרגנדיקע געקומען,
ווען כ'האָב די איינזאַמקייט פון ניו־יאָרק געצערטלט, ווי אַ קראַנקע בלום.
ביסט געקומען מיט גאָר דער בענקשאַפט פון גרויע, באָראָ־פּאַרקער
געסלעך,
וואו די איבעריקע לבנה איז ווי מיט לאַנגווייל — אַ כעלעמער פּעסל.
דיין באַשיידן קול האָט אַ ווייליקע דעם גערעוו פון ליגן, גאָלד
און מאָרד פאַרשטומט.
רבקה, קינדישע ווייב מיינע פון גרויע, באָראָ־פּאַרקער געסלעך:
ביז מיין לעצטן זונפאַרגאַנג האָסטו שוין יעדן צער מיינעם, צאַרט
אַזוי, אַרומגענומען.

דעם שווערן עלנט פון מיין בחורישן צימערל האָט פאַריאָגט דיין
גרינגער גוף:
אַזויפל עלנט וואָלט מסתמא גאָר די פרייד פון אַן עלנטלאָזן דור
פאַרצערט.
נאָך האַלבער נאַכט זוכן מיך נאָך פאַריתומטע — פון מאַנהעטן די
פאַררויכערטע שטערן,
נאָר קעגן דעם אומעט פון פאַרדעכטיקער ליבשאַפט, גייט אויף פון
היים דער געשמאַקער דופט:
אָ, דורך וויפל שטערנלאָזן בלאָנדזשען האָב איך די שטיינער און
די שטאָלן פון ניו־יאָרק אַליין אויסגעשטערנט,
ווען איבער שטאָט האָבן דורותדיקע וואָלקנס, קעגן אַלדאָסבייז,
זיך צעטורעמט.
פון אַלע מיינע לאַנגע נעכט לויכטן מיר אַנטקעגן: דער יום־טוב
פון חברים, מיין ליד און דיין דינער גוף.
פון די טונקלסטע טיפן האָב איך, דורך דיר, דעם קלאָרן רוף
פון גורל דערהערט.

ווי ס׳פּרוּאוווט אַ בלאָנדזשענדיקער סתּם אַזוי אַ טראָט פֿאָרויס,
און דערזעט די שיין פֿון אַ פֿענצטערל אַ ווייטס אויף אַ בלינדן שטעג,
ווען מיט צווייפֿל, מיט שאָטנס און מיט אפשרס זיינען געדיכט
פֿאַרצווייפֿלטע וועגן,
בין איך סתּם אַזוי אַ גלוביקער אַזאַ אויף גאָטס באַראָט אַרויס,
גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַריין, דעם ווינט אויף דיר געפֿרעגט.
מיט אָוונט, מיט דיר — מיט רויען פֿרילינג האָט אַ ווייע געטאָן דער
דרויסן,
מיט דיינע אַכט און צוואַנציק אַפּרילן האָט אַ ווייע געטאָן דער דרויסן.
דו ביסט געווען די לאַנג געגאַרטע שיין אויף בלינדן שטעג.

וויפֿל דערנער ס׳האָבן מיינע פֿיר און פֿערציק פֿולע זומערס שוין
פֿאַרמאָגט,
אַזויפֿל מאָל האָב איך אויף וועג און שטעג, פֿאַרלאָרן, אויסגעבענקט
דיין געשטאַלט,
נאָר צווישן דלות, טרוים און טרויער האָט דיך דיין געסעלע באַהאַלטן.
אין מיין לויטערסטער וויזיע האָב איך געזען דיך גיין מיר אַנטקעגן,
נאָר דיינע קליינע טריט פֿאַרקלונגען האָט דער רעש פֿון טאָג:
וואַנט אויף וואַנט, טורעם איבער טורעם האָט דיך די שטאָט פֿאַרשטעלט.
אָ, וויפֿל ניט געשריבענע לידער מיינע, די קליינע גלידער דיינע
פֿאַרמאָגן —
אַ מענטש אַ נאָך ניט געבאָרענער וועט נאָך, מיט גאָר דיין חן,
וויטע דורות באַכיינען.

באָראָ פּאַרק, דעם דריטן אָקטאָבער, 1950.

# אָוונט אין ניו־יאָרק

א

מידע מחנות איילן דעם טאָג אַרוים פון שאָפּ, פון אָפּיס, פון פאַבריק.
יעדער קער פון זונפאַרגאַנג שפּיגלט מיין געוועזן שטעטעלע אויס,
די זון בלייבט אין גליענדיקן אַש פון אונדזער אָפּגעברענט הויז.
מידע מחנות איילן דעם טאָג אַרוים פון שאָפּ, פון אָפּיס, פון פאַבריק.
די זון בלייבט, ווי פון אַ וואָגן — אַ פאַרלאָרענע ראָד, הינטער נאַכט
אַ שטיק.
פון אַלע גערטנער געבליבן איז אויף יעדער שויב — אַ טויטע רויז.
מידע מחנות איילן דעם טאָג אַרוים פון שאָפּ, פון אָפּיס, פון פאַבריק,
יעדער קער פון זונפאַרגאַנג שפּיגלט מיין געוועזן שטעטעלע אויס.

ב

איך זע די שאָטנס פון מיכאַלישעק וואָגלען אויף יעדן טורעם אום,
אין יעדן שאָטן לעבט דער אָנבליק פון אַ נעכטיקן מענטש אַ ליבן.
אויב ניט דער אַש אויף מיין צונג, אָ, וואָס איז פון מיין שטעטעלע
געבליבן?
איך זע די שאָטנס פון מיכאַלישעק וואָגלען אויף יעדן טורעם אום.
דער אָוונט צינדט דורך מיר איעדן טויט וואָס האָט מיין שטעטעלע
פאַרשטומט.
אויף בראָדוויי, טאַנצט אוים דאָס ליכט אַ שרעק, ווי פון בייטשן
געטריבן.
איך זע די שאָטנס פון מיכאַלישעק וואָגלען אויף יעדן טורעם אום,
אין יעדן שאָטן לעבט דער אָנבליק פון אַ נעכטיקן מענטש אַ ליבן.

ג

הער, אין ווינט שפּילט יאָסקע מיטן פידל, בערל מיטן באַס.
די זון פאַלט גולמדיק אַזוי הינטערן האָריזאָנט אַראָפּ,
ווי פון מיין גוטער מומע ביילקע — דער אָפּגעהאַקטער קאָפּ.
הער, אין ווינט שפּילט יאָסקע מיטן פידל, בערל מיטן באַס.
דער טאָג ראַנגלט זיך אַ פאַרשטיינטער דורך געוועו פון גאַסן.
אוי, פאַר אַזויפל טויט האָט דער טויט אַליין זיך דערשראָקן —
הער, אין ווינט שפּילט יאָסקע מיטן פידל, בערל מיטן באַס.
די זון פאַלט גולמדיק אַזוי הינטערן האָריזאָנט אַראָפּ.

ד

פאַר דעם טאָג איז אַ וואונדיקער געלעגער די גאַנצע ערד.
ווייזט זיך כאַטש אין חלום, שטעטעלעך מיינע: מיכאַלישעק, סווינציאַן!
אוי, דאָס הארץ איז אונטער רעדער פון אונטערערדישע באַנען.
אַ לעצטער שטראַל פון מיין פאַרגאַנגען שטעטעלע שווערט,
און ס'ווערט די שבועה ביז דעם ווייטסטן פאַרטאָג דערהערט:
— ניין, ס'וועט דער טויט קיין איינציקע שיין ניט פאַריאָגן פון דאַנען!
גוט וואָס דער שונא האָט דעם חלום ניט דערשטיקט אויף דער ערד,
ווייזן זיך כאַטש אין חלום מיינע שטעטעלעך — מיכאַלישעק, סווינציאַן.

ה

אויב מיין קינד וועט יידיש רעדן וועט ניט זיין קיין אונטערגאַנג,
און נאָנט וועל איך זען ביים שטאַרבן: „באחרית הימים" — די
ווייטסטע בלום,
וועט אויף מיין קבר, מיט מיין אייגן טראָט, מיין נאָך ניט געבאָרן
קינד קומען.
אויב מיין קינד וועט יידיש רעדן וועט ניט זיין קיין אונטערגאַנג,
וועט אפילו מיין לעצטער שטראַל ניט אָנזאָגן מיין אונטערגאַנג:
זע, אפילו מיט געשטאָרבענע הענט נעם איך אַ העלן אָנהייב אַרום.
אויב ס'וועט מיין קינד יידיש רעדן וועט ניט זיין קיין אונטערגאַנג,
און נאָנט וועל איך זען ביים שטאַרבן: „באחרית הימים" — די
ווייטסטע בלום.

ו

שטעטעלע מיינס, פאַראַן איז אין דיין טויט דאָס ליכט פון געבאָרן ווערן,
כאָטש דער ווינט וועט מיט עלנט פון דיינע חורבות אייביק קלאָגן.
אַזאַ נדר וועל איך יעדן וואָרט פון מיין מויל איינרעדן זאָגן:
שטעטעלע מיינס, פאַראַן איז אין דיין טויט דאָס ליכט פון געבאָרן ווערן,
כאָטש יעדע בלום וועט אייביק זיין, אין גאָטס הענט, אַ כוס פאַר
דיינע טרערן.
קיין גריל וועט קיינמאָל אָט דאָס ליד ניט אויפהערן איבערצוזאָגן:
שטעטעלע מיינס, פאַראַן איז אין דיין טויט דאָס ליכט פון געבאָרן ווערן,
כאָטש דער ווינט וועט מיט דעם עלנט פון דיינע חורבות אייביק קלאָגן.

ז

בר כוכבאָן פרעג, אויב פון שונאס יעדן זיג איז ניט שטאַרקער
אונדזער דורכפאַל.
מיין אייביק פאָלק שאַלט אַרויס פון בר כוכבאס פאַרשטומטן שטויב.
די מדבריות פרעג, וויפל דורשט פון מיין פאָלק לעכצט אין מדבר שטויב.
בר כוכבאָן פרעג, אויב פון שונאס יעדן זיג איז ניט שטאַרקער
אונדזער דורכפאַל.
וואָס לענגער, וואָס עלטער די נאַכט, אַלץ יינגער, אַלץ צאַרטער דער
יינגסטער שטראַל.
דער באַזיגטער טאָג, ווי פון דער תליה אַ קדוש אַזוי נצחונדיק פאַלט.
בר כוכבאָן פרעג, אויב פון שונאס יעדן זיג איז ניט שטאַרקער
אונדזער דורכפאַל.
מיין אייביק פאָלק שאַלט אַרויס פון בר כוכבאס פאַרשטומטן שטויב.

# טרוים

טרוים — מיידל פון וויליאַמסבורגער הינטערהויפן:
נאָך אַזויפל לויערן ביי דיין פענצטער אַ ווייטן בליק אויף דיר,
נאָך אַזויפל נישטערן אינעם ווינט אַן איינציקן קלאַנג פון דיין קול,
ביסטו פלוצעם אַזוי,
אין אַט דער פשוטער, ניו־יאָרקער קאַפּעטעריע צו מיר געקומען,
ווי דו וואָלטסט פון מיין פאַרבענקסטן ליד אַרויס מיר דאָ אַנטקעגן.

טרוים, קינד מיינס, פון נאָנטע פרעמדן פאַרבלאָנדזשעט אַהער,
אין מיין גוף און אין מיין ליד געראָטן.
אַט ביסטו לעם מיר:
גליד פון מיינע גלידער — גליקלעכע וואָר.

איך שפּאַן מיט דיר גאַס איין,
איך שפּאַן מיט דיר גאַס אויס.
דורך יעדער שיין איז דאָ די נויט פאַרזייט,
וואַקסט דאָ רחבותדיק אַזוי דער חושך,
די נויט דורך נאַכט איז אַ וואָרנדיק שוואַרץ יאָר:
אין ווינט ווערט אַ רעבעל יעדער לויזער ציגל,
נאָר מיין צאַרטקייט צו דיר איז דאָ קלאָר אַזוי, מיין קינד.

איך טרוים מיט דיר גאַס איין,
איך טרוים מיט דיר גאַס אויס
און בייט די קאַלטע זאָרג פון גאַסן אויף דיין גליענדיק געלעכטער, —
אַזאַ איינאונאיינציק, אַזאַ האָפערדיק געלעכטער,
וועט גאָר דאָס געוויין פון מענטש און חיה אויף אייביק פאַרטראָגן.
דורך שטאָק פינצטערן פחד פון דורות אַזאַ פריי געלעכטער.
איך הער אַ וועלט אַ ווייטע לאַכן דורך דיין געלעכטער.

טרוים, קינד מיינס — דאָרן פון וויליאַמסבורגער הינטערהויפן:
ווי פלוצעם דו ביסט געקומען, אַזוי פלוצעם ביסטו אַוועק,
מיט דורות אומרו פון מיין פאָלק אין דיין ווענד און קער — אַ
שטעכיקע טרוים.

איצט איז האַלבע נאַכט.
איך ווייס ניט,
צי איך האָב אין חלום, צי אין וואָר דיך געזען.
איך וואָגל דורך גאַסן, ווי דורך אויסגעקלערטע וועגן.
דורך אַ פאַרלאָשענער שויב פון אַ ניו־יאָרקער קאַפעטעריע,
זע איך אַ פאַרלאָזט ווינקל, לבנהדיק פאַרקלערט —
די לבנה אויף דער שויב איז אַ צעשאָטענער טרוים.
געבליבן איז מיר,
אין דער ניו־יאָרקער קאַפעטעריע — אַ ליידיקער, וואַכעדיקער טיש,
אַ שעה וואָס גליט נאָך מיט ציטער פון דיין קומען.
געבליבן איז מיר די בענקשאַפט נאָגן אונטער לאַסט פון יאָרן.
געבליבן איז מיר,
פון צווייפל און פון אומקום אַזאַ שרעקנדיקער שאָטן,
פון אַ וויליאַמסבורגער הינטערהויף — אַן אָפּגעגנאַרטער טרוים.

## פּאַראַיאָריקע שנייען

צו ב. ג.

וויי, ווי האָב איך דיך געזען — אַ פרינץ פון אַ מעשהלע אַרויס,
אַ פריינט וואָס קען אין נויט, דורך שמיץ פון ריטער ריטערלעך שפּאַנען?
אין פאַרקלערטע שעהן, איז נאָך דאָס גאָלד פון אַלכעמיסט פאַראַן.
אַן איינזאַמע שעהערעזאַדע וועלקט נאָך אַרוים פון שפּעטע רויזן.

איז נאַכט נאָך נאַכט, אין קאַפעטעריע, פאַרגאַנגען די לבנה:
פון פאַראַיאָריקע שנייען זיינען העלסטע בת מלכות געוואָרן,
איז דער האָרב פון עלנט, ביים טעפּעלע קאַווע, אַ קרוין געוואָרן, —
איצט נאָגט אין געביין דער זשאַווער פון צעבויגענע לבנות.

אין חלום שוועבט אַ קאַפעטעריע, ווי אַ שלאָס פון צויבער.
אויסגעקלערטע מיידלעך בענקען, אַרום טישלעך, אַוועק די יאָרן.
אין קיך שפּילן טעלער, לעפל — סערענאַדעס צו אַ וויטן דור.
וויי, פון אַלע האַרפן געבליבן איז שרעקן אַ דראַנג, אַ טויבער.

דער אָוונט אויף אַ טורעם־שויב, פירט אַ פרינץ אין אַ מעשהלע אַריין.
אין ווינט שילט איוב זיך אַליין, שליידערט קעגן גאָט אייביקע טענות.

ניו־יאָרק, מערץ, 1954.

## עטל מעינקעס

דו האָסט אַ שעה צו פרי דעם טויט גערופן.
איך בין אַ שעה צו שפּעט צו דיר געקומען.
דאָס בוידעם שטיבל האָט ווי אַ וואונד געשטומט:
ווײ, דו האָסט אַ שעה צו פרי דעם טויט גערופן.
די שיינע אומרו פון דיין הויכן, שלאַנקן גוף,
קרייזן יולי ווינטעלעך איבער שטאָט אַרום.
ווײ, דו האָסט אַ שעה צו פרי דעם טויט גערופן.
איך בין אַ שעה צו שפּעט צו דיר געקומען.

אַ פענצטערל אין בוידעם שטיבל האָט שוין אויפגעבלויט.
דער פאַרטאָג האָט געקרוינט ניו־יאָרק — די מלכּה פון שטעט.
איך האָב צו דיר, ווי שטענדיק, פּשוט אַזוי גערעדט:
— עטל, ניט גיב מיר אַ מתּנה דיין טויט,
זע, איך גיב דיר אַ מתּנה זיך אַליין.
איך האָב נאָך דעם העלסטן סוד דיך ניט פאַרטרויט.
אַ פענצטערל אין בוידעם שטיבל האָט שוין אויפגעבלויט.
אַרום האָט גערוישט ניו־יאָרק — די מלכּה פון שטעט.

אויף דעם יום־טובדיקן טיש — אונדזער אַלטן באַקאַנטן,
איז דיין לעצטער בריוו געלעגן — אַ קאַרטשנדיק האַרץ
און ס'האָט דורך גאָלד און גרין פון טאָג דיין גורל זיך געשוואַרצט.
אויף דעם יום־טובדיקן טיש — אונדזער אַלטן באַקאַנטן,
האָט נאָך געוואַרעמט דער לעצטער דרוק פון דיין האַנט.
ס'האָט אָפענער גאַז דיך פאַרוויגט, ווי מיט ריחות פון גן עדן.
אויף דעם יום־טובדיקן טיש — אונדזער אַלטן באַקאַנטן,
איז דיין לעצטער בריוו געלעגן — אַ קאַרטשנדיק האַרץ.

אָט בין איך היינט אַזאַ ליכטיקער צו דיר געקומען.
דער מאָרגן איז אַ מלאך פון יעקבֿס לייטער אַרויס.
מיט יולי און מיט טייבעלעך פלאַטערט דער דרויסן.
אָט בין איך מיט לידער און מיט קושן צו דיר געקומען,
און דו זוכסט דורך דער קאַלטער אייביקייט מיך אַרום.
אויף אַ קבֿר האָט קיין האַרץ ניט די האַרציקסטע רויז.
אָט בין איך היינט אַזאַ ליכטיקער צו דיר געקומען:
דער מאָרגן איז אַ מלאך פון ישׂראלס חלום אַרויס.

דער יולי האָט אַ געראָטענעם טאָג ערשט געבאָרן:
דער טאָג איז אַ מעשׂהלע פֿאַר די קליינע קינדערסוועגן.
איז ווער וועט היינט גאָר אויף דעם טויט זיך פֿרעגן?
דער יולי האָט אַ מפּלדיקן טאָג ערשט געבאָרן.
אַ ווינטעלע זאָגט ווידוי נאָך דיינע פֿריע יאָרן.
דו האָסט די זון געביטן אויף אַ בית־עולם שטעג.
דער יולי האָט אַ לעצטן טאָג ערשט געבאָרן.
דער טאָג איז אַ גרויסע שרעק פֿאַר די קליינע קינדערסוועגן.

וואָס דערציילן אויגן ביים געזעגענען זיך?
אַ זעמדעלע ווערט — אַן אויסגעקלערט לאַנד.
אין ערשטן שטראַל איז דיין לעצטער בליק פֿאַראַן.
וואָס דערציילן אויגן ביים געזעגענען זיך?
אַזאַ בענקשאַפֿט, נאָר ביים שטאַרבן צו באַגעגענען.
פֿון בוידעם פֿענצטערל פֿאָכעט נאָך צו מיר דיין נייגעריקע האַנט.
וואָס דערציילן אויגן ביים געזעגענען זיך?
אָט ווערט אַ מענטש — אַן אויסגעקלערט לאַנד.

איבער דעם 11טן יולי, 1947, וועט אָט דאָס ליד, ווי אַ מצבה שטיין,
און וועט פֿון דיינע פֿרי פֿאַרשניטענע יאָרן קיינמאָל זיך ניט שיידן,
ווי טרויעריק גראָז וועט אָט דאָס ליד מיט דיר קיינמאָל זיך ניט שיידן.
איבער יעדן 11טן יולי וועט אָט דאָס ליד, ווי אַ מצבה שטיין:
אַ לבנהדיקע זעלבסטמערדערן וועט דער נאַכט פֿאַרשטיינען,
און זוכן איר אייגענעם אומקום ביים פֿאַרטאָגיקן ראַנד.
איבער יעדן 11טן יולי וועט אָט דאָס ליד, ווי אַ מצבה שטיין,
און וועט פֿון דיינע פֿרי פֿאַרשניטענע יאָרן קיינמאָל זיך ניט שיידן.

וואָס טוט איצט די נאַכט אין פּוסטן בוידעם שטיבל?
אין חושך לויכט דער לעצטער בליק פֿון דיינע אויגן.
אַ שוואַרצע שעה, ווי פּאָוס ראָב שטייט איבער דיר געבויגן.
דו ביסט אַליין די נאַכט פֿון פּוסטן בוידעם שטיבל.
דאָרט שעפּטשעט דיין לעצטער בריוו: „איך האָב דיך ליב".
דאָרט ליגן גרוי און שטאַר אַלע שטערן אויסגעזויגן.
וואָס טוט איצט די נאַכט אין פּוסטן בוידעם שטיבל?
אין חושך וועט שטענדיק לויכטן דער לעצטער בליק פֿון דיינע אויגן.

ניו־יאָרק, יולי, 1947.

## אַ תּפילה

אוי, איך וויל אַזוי אונטערגיין,
אונטערגיין, אונטערגיין.
אנא יי הושיעה נא,
איך זאָל אונטערגיין, אונטערגיין:
היינט, היינט, היינט,
ווען ס'פּאַלט דאָס געדעוו פון חוזק, חוצפּה און גאַלד,
ווען דער רעש פון ראַד און מענטש און שטיין,
רעדערט איין, שטיינערט איין, אָוונט איין:
אָ, ווי וואָלט איך אין אַ לעצטן שטראַל געוואָלט אריין.

אנא יי הצליחה נא,
איך זאָל היינט מיט גלעטנדיקער שרעק,
דערשפּירן אייגן ווי לייב — די נאָנטע טריט פון טויט.
איך זאָל ווערט זיין ווערן — שטויב פון פרילינגדיקער ערד,
וואָס טראָגט מיט געדולדיקן ציטער אויס —
דאָס גראָז, דעם זאַנג, די רויז.
איך זאָל ווערט זיין ווערן — די אייביקייט אַליין.

מודה אני,
וואָס דו האָסט מיך אַ ווײַלינקע באַשערט:
אַ צינד טאָן די בענקשאַפט אַנטקעגן דיינע שטערן,
און היינט, היינט, היינט,
מן המצר קראתי יה,
איך זאָל אַ שוועב טאָן אַ גליענדיקע רגע,
דורך אַלע נעכטיקע, דורך אַלע מאָרגנדיקע דורות,
און ניט ווערן, ניט ווערן, ניט ווערן.

ניו־יאָרק, סוף פעברואַר, 1954.

# זייט געזונט

## פון עלציק חייט

„ואל יבטיחך יצרך שהשאול בית מנוס לך"
—רעד זיך ניט איין, אַז דער קבר איז אַ באַהעלטעניש פאַר דיר

### פון זיינע געבליבענע לידער

**מיין פריינט עלציק (עליע לייזער) חייט איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אַ גרעסערער קאַפּיטל פון זיינע לידער, זיין לעצטער בריוו און מיין ענטפער, געפינען זיך אין מיין בוך: „דער פּשוטער חלום", פון זייט 81 ביז 106.**

# ביים וואַסערפֿאַל

## א

פֿאַראַן אַ לעצטער קוש אין יעדן רויש פֿון וואַסערפֿאַל,
פֿון ייִנגלעך און מיידלעך ביים שטאַרבן ס׳רווישיקע בלוט.
פֿון פֿאַרקלערטע זעלבסטמערדער קלאַגט דאָ אַזאַ קלאָר־ווייס בלוט,
דערפֿאַר הערט גאָר ניט אויף צו קלאָגן דער וואַסערפֿאַל —
אַ מענטש ווערט דאָ אַ כוואַליע אַ רגע פֿאַרן פֿאַלן:
דער איבעריקער גוף — קעגן זיך אַליין אַ רוט.
קען זיין, ס׳הערט גאָר ניט אויף צו לאַכן דער וואַסערפֿאַל,
איך הער דאָ אָן אויפֿהער קלאָגן אַזאַ קלאָר־ווייס בלוט.

די אומרו פֿון זעלבסטמערדער האָב איך ביים וואַסערפֿאַל דערהערט,
וואָס אָט־אָט טוען זיי פֿון פֿעלדז־שפּיצן אַ שפּרונג פֿעלדז אַראָפּ, —
דערזען אַ מענטשן וואָס פּרוווט צי זיין פֿעטליע בינדט זיך ניט אָפּ,
און שמייכלט ווי שוים וואָס אַן אייגענער טויט איז אים באַשערט.
און אַ מענטש וואָס צערטלט דעם קריץ פֿון אַ מעסער האָב איך דערהערט.
אָ, יעדער שלונג פֿון אָט דעם וואַסערפֿאַל איז ווי סם אַ כּוס:
ניט די וואַסערן, מיין ליבסטע האָב איך דאָ פֿאַלן דערהערט,
ציט זי מיט וואַסער־הענט, אַ פֿאַרליבטע, צו זיך מיך אַראָפּ.

## ב

**פֿראָסט אויף אַ שויב**

כ׳בין אַ ווינטער נאַכט, ווי אַ שניי־מענטש ביי דיין הויז געשטאַנען.
דער פֿראָסט האָט אויף אַ שויב אַ ווייס מיידל געמאָלן:
— מיידל ווייטע, אָדער נאָנטע, ווער ביסטו און פֿונוואַנען?
— ניט פֿרעג, מיין ליבער, זעסט, דער פֿראָסט האָט מיך צעמאָלן.
פֿאַרטאָג, פֿאַלט דאָס מיידל, אויף דער שויב, דורך אַ וואַסערפֿאַל,
נאָר קוים טוט זי אַ ריר — אַ שאַרך די וואַסער־גרונטן,
קערט זי גלייך צו דער הויך זיך אום — צו דער שרעק פֿון וואַסערפֿאַל.
און אָט, ווי ס׳וואָלט לויז געוואָרן פֿון דער זון אַ שפּונט,
פֿאַלט, צעפֿאַלט דאָס מיידל דורך טויזנט און איין זונענפֿאַלן:
אַזאַ ליכטיקייט דערזעט אַ מענטש ביים לעצטן בליק —
איר בליק פֿון פֿראָסט טוט אַ פֿעלדז אַ שטויס, קען מיט ווענט באַפֿאַלן.
אָט, אַ שוועב צום פֿאַרטאָג, אָט, אַ פֿאַל דורך נאַכט צוריק,
אָט, דער פֿראָסט האָט אויף דער שויב אין שיין זי צעשטויסן, —
בלייבט מיר פֿון מיין מיידל נאָר אַ טרער — אַ וואַסער־רויז.

ג

## מלכּה פון וואָסערפֿאַלן

איך זע דיך ליבסטע — אַ מלכּה פון וואָסערפֿאַלן:
פונדיינטוועגן, הערט דאָס וואַסער, ווי זילבער ניט אויף צו פליִיצן,
הערן וואַסער-מיידלעך, גליד איין, גליד אויס ניט אויף צו פֿאַלן,
פֿאַלן, פֿאַלן אָן אויפהער, ווילן אונטערטעניק זיין דיין רייץ.

דו פֿאַלסט די שענסטע, דיין יעדער פֿאַל טוט פונקט ווי דיך מיך ווייִ —
אויב חלום איז פאַר אַלדאָסבייז אַ שטראָף איז גענוג געשטראָפט!
קום פון וואָסערפֿאַל אַרויס, בלייב כאָטש אַ רגע לעבן מיר שטיין,
אויב דו קלאָרסט דאָ אָדמס זינד, וועסטו שוין פֿאַלן ביז אין סוף!

אָט קומט מיין ליבסטע, די האָר פון וואָסערפֿאַלן אויסגעקעמט,
שעפּטשעט פרעמד: „זע, מיין שוואַכסטן גליד קען קיין פעלדז ניט
צעשטויסן,
און שוואַך בין איך געווען אַזוי, כ׳האָב אַזש **לעבן** זיך געשעמט, —
איז פאַרוואָס, ליבער, זאָל איך וועלן פון וואָסערפֿאַל אַרויס?

„און זאָל איך צו דיר אַרויס, וואָלט איך אין וואָסערלעך צערינען,
וואָלטסטו, מיין ליבער, אַפילו אין חלום מיך ניט געפינען".

ד

## קום, אָ, קום!

„אויב אָט דער וואָסערפֿאַל האָט דיך, מיין טייערע, פאַרשלונגען,
איז וואָס הערט דאָס וואַסער גאָר ניט אויף שלונג און שלונג דיך **שלינגען**?
וואָס הערן גאָר ניט אויף באַלעקן זיך די וואָסער-צונגען?
אַ דערטרונקענע אין טייך איז כאָטש דאָ אין וואָסער-רינגען".

„איך בין ניטאָ, וועסטו וועלן אַ וואונד פון מיר געפינען,
בין איך אין ווינט, די אויסגעפּליקטע בליטן פון יעדער בלום, —
וועסטו וועלן, ליבער, אַ נאָנטן טראָט פון מיר געפינען,
איז טו וואו ניט איז אַ פּליוסק אַ וואַסער און הער מיך קומען.

„וואַרף אַ שטיינדל אין אַ ברונעם, וועל איך דאָרט נולן קרייזן, —
אין דער טונקעלער טיף סתּם אַ ציטער טאָן — וואַסער-זונען,
כאָטש טויטערהייט, אַנטקעגן דיר אַ רגע **לעבן** קרייזן,
כאָטש אין חלום, אַרום דיר, ווי אַ רייף פעלד זיך צעגרינען".

מיין ליבסטע — אַ רייצנדיקע ליידיקייט, נעמט מיך אַרום:
„אָ, איך בין דער וואָסערפֿאַל, פֿאַל דורך מיר, ליבער, קום, אָ, קום!"

ה

## וואונדער איבער וואונדער

מיין ליד איז גאָר דאָס גינגאָלד פון אַ לעצטער רויז.
יאָר נאָך יאָר, לאָסט נאָך לאָסט ווארף איך פון זיך אַראָפּ,
און ווער ווי דו — וואַסערפאַל: אַ חלום די גרויס,
קום איך צו דיר אַזאַ גרינגער, אָן גוף, אָן קאָפּ, —
ווערט די וואַכעדיקסטע שעה, ווי דו, אינגאַנצן צויבער,
שרעקט אונדז ניט קיין שפּרונג פון פעלדז, קיין פאַל דורך גרונטן,
קען אונדז ניט גרויען קיין מענטשעלע — קיין סנאָביש שטויבל,
קען קיין שטאָך פון שווערד ניט אָנשטעכן אונדז קיין וואונד, —
קיין קאַרליקל אין גראַשנס גליק אונדז ניט פּיצלען:
דער וואָס דער זון, ווי בלעך, דעם ים ווי שוים פאַרקויפט.
פון דער טרער פון צבועק, פון שמייכל פון היצל,
לאָמיר צום וואונדער איבער וואונדער אַנטלויפן!

דער שטוים פון גורל, דער שלונג פון שטראָם טוט אונדז גאָר ניט וויי,
דער דריק פון ליבשאַפט, דאָס גליען פון פרייד טוט אונדז איצט וויי.

ו

## פאַרליבטע וואַסערלעך

אַ קינד פון וואַסערפאַל, ליבסטע, ביסטו געבליבן.
איז גוט כאָטש וואָס דורך טויט קען איך איצט צו דיר קומען,
אָ, אין איטלעך פאַל פון וואַסערפאַל זיך פאַרליבן.
האָסט דאָ אַליין זיך צערונען, ווי אַ וואַסער־בלום,
וועל איך דיך טראָפּן נאָך טראָפּן, אָן אויפהער זוכן, —
ווי דו ווערן — אַ וואַסערל פון וואַסערפאַל.
ווי איין וואַסערל אַ צווייטס וועל איך דיך פאַרזוכן,
מיט דיר ניט אויפהערן צו פאַלן, פאַלן, פאַלן,
מיט דיר, פון פעלדז — צו פעלדז, ווי שטראָם מיט שטראָם זיך צעטאַנצן,
מיט דיר, ווי וואַסערלעך זיך האַלדזן פון פאַל דורך פאַל.
אָ, גוט כאָטש וואָס דורך טויט ביסטו מיינע אינגאַנצן,
איך און דו — פאַרליבטע וואַסערלעך פון וואַסערפאַלן:

אָן אויפהער, אין אַזאַ לעצטן ליד זיך צעוואָרפן:
איך — דער וואונדער־בויגן, דו — די קלאָגנדיקע האַרף.

# פרי פאַרשניטענע בלומען

פון פרי פאַרשניטענע בלומען שרעקט אַרוים דער שענסטער טויט:
די פאַרבן מיניען זיך, ווי ניט אויסגעטאָגטע פאַרטאָגן,
בלומען וואָס קיין גינגאָלד וועט מער ניט צינדן דורך זיי דעם טוי,
די קראַנקע וואָרצלען אין דער ערד בלייבן, ווי וואונדן נאָגן.

בלומען פאַרבענקטע נאָך פעלד צויבערן קינדישן וואונדער,
ווי אַ וועלט ביים לעשן זיך, ווי שטערן ביים אָנהייב פאַלן.
בלומען אויף שמחות ווילן גאָר שטאַרבן עלנט, באַזונדער, —
צעשפּילן דורך דער פרייד — פון די פאַרשפּילטע טעג יעדן שטראַל.

פון דער בלום וואָס קען נאָר וועלקן קען די בין נאָר גאַל זויגן.
ווי שיין דו זאָלסט אין קראַנץ דעם בלענד פון בלומען ניט צעצירן,
וועט זיי מער ניט קיין זאַט ווינטעלע, נאָר דער טרויער בויגן,
וועט זיי שוין ניט קיין ערד פון פעלדער, נאָר דער טויט באַרירן.

בלומען פרי פאַרשניטענע, ווי בעכערס פאַר צער און טרערן.
אַ, שטאַרבן גאַנץ אויף אייגן שטאַם, קיין פרעמדער קראַנץ ניט ווערן.

## פ ר יי נ ט מ יי נ ע

פריינט מיינע, פארגיט מיר וואָס כ'וויל אַזוי שטאַרבן,
אַז כ'ווייס די שעה פון מיין טויט, ווי כ'ווייס זיך געגוי.
כ'האָב אין טויט זיך פאַרליבט, ווי מען זאָגט, ביז שטאַרבן,
איז גרינג מיר אַזוי דעם טויט זיך צו געטרויען.

איז גרינג מיר יעדער צער, יעדע לאַסט געוואָרן:
דערנער גלעטן מיך צאַרט אַזוי, ווי פאַרליבטע הענט.
גרינג ביז ניט ווערן בין איך זיך אַליין געוואָרן,
ס'וואָלט מיך איצט קיין אויוון פון טרעבלינקע ניט פאַרברענט.

אינגאַנצן ליד, האָב איך נאָר פרייד און פרייד געוואוסט.
ווי ס'רייסט זיך אַ נײַ קינד צו יעדער ערשטער ליכטיקייט,
ריים איך ברענגען זיך אַליין: פון זיך אַ לעצטן גרוס —
דורך ליד פאַרפאַלן ווערן צווישן שטערן און צייטן.

לאָז איך אייך איבער גאָר דאָס בלי פון פרי פאַרבליטע זומערס,
ווער איך קלאָר, ווי כ'וואָלט פון גלידער פון דער זון געוווען אַ קראַנץ —
דורכזיכטיק, ווי ווייטע ריחות פון פאַרבאָרגענע בלומען, —
ווערט אַלדאָסבייז אין מיר, ביז לעצטער זינד, ברכה אינגאַנצן.

בין איך אַ צום טויט פאַרמשפּטער „רואה ואינו נראה".
אָ, אָפּט, ווען כ'האָב פאַרליבט אין אייך, אַ ליכטיקער ביים טיש פאַרבראַכט,
האָב איך פלוצעם, אין מיין הילכיקן קול, דעם רוף פון טויט דערהערט,
ווי ניט מיט מיר, מיט דעם טויט וואָלט איר, פריינט מיינע, פאַרבראַכט.

אָ, איר זאָלט דורך מיר, פריינט מיינע, זען נאָר זונאויפגאַנג, —
איך זאָל ניט קיין נעכטיקער חושך, נאָר אינגאַנצן מאָרגן זיין:
איר זאָלט מיך שטענדיק זען אין ליכט פון דורות, נאָך ניט אויפגעגאַנגענע.
ווער איז נאָך ווי מיר, נאָך לעצטן טראָט, אַזוי אייביק, אָ, מיינע פריינט?

# הייליק שטויב

דער שטויב וואו דאָס בלינדע ווערימל קריכט,
קען אויך דעם קערנדל מיט אַלדאָסגוטס בענטשן, —
דורך אָט דעם שטויב מוז אויך די רויז קריכן:
צו אָט דעם הייליקן שטויב קערט זיך אום דער מענטש.

ווען דאָס ווערימל מיט גאָר זיין שטומקייט שרייט,
זע איך גאָט אַליין אין זיין גאַנצער גרויס קריכן —
לעם ווערימל — שאַר נאָך שאַר, זייט ביי זייט,
כּדי צאַרט דעם דינסטן רים אויף ליב פאַרריכטן.

אָט פאַלט ווי אַ פינטעלע גינגאָלד, אַ טרונק טוי,
שטילט גאָט דעם דורשט פון ווערימל אין שטויב —
קריכט דאָס ווערימל גרינג אַריבער ניט איין טויט:
„אַ, פאַרהיט מיך גאָט פון אויג פון רויבער".

ס'וואָלט מסתּם קיין אָדלער ניט ווען זיין,
אויב דעם ווערימל וואָלט מען געקענט נאָר פרעגן:
אַ שטרויעלע קען דער העכסטער פעלדז זיין,
דאָס מינדסטע בלעטעלע איז אַ ברייט געלעגער.

איז אויך דאָס ווערימל אַ קינד פון גאָט,
אַזאַ ליכט דורך יעדער בלינדקייט האָט גאָט באַשערט,
אויך אין ווערימל — די ברכה פון גאָט:
דעם גרויען גאָרנישטניט איז אויך אַ פונק באַשערט.

קללות, חרמות, פאַראַן איז נאָר אין שטויב,
וואו אויף אָרט פון מיין פאָלק שרעקט דעם תּליונס שאָטן:
מער קללות, ווי שפּרינקעלעך אינעם שטויב,
ס'האָבן אַזש די קללות שיר ניט פאַרשאָלטן גאָט.

# בענקשאַפֿט

איך לייען און לייען טויזנט בריוו,
ביז אַלע ווערטער הילכן אַליין פֿון פּאַפּיר אַרויס,
ביז איך ווער אַליין — בלאַנק פּאַפּיר.
מיינע חושים, ווי נאָדלען, שאַרף און דין:
איך פֿאַרנעם נאָר דורך רעש פֿון אָוונט,
ווי אַ שטאָטיש גרעזעלע אין ווינט ווערט הילפֿלאָז געוויין.

אַ רגע בענקשאַפֿט קאָן מיט אַלע שטיינער פֿון דער וועלט פֿאַרשטיינען,
פֿון בענקשאַפֿט ווערן אַפֿילו מיינע פֿינגער גרוי.
איך שפּיר איבער מיר יעדע ראָד פֿון שטאָט.
די קולות פֿון אויטאָס, ווי פֿון קראָען — אַ פֿאַרשאָלטענער כאָר.
מיר דאַכט:
די ברייטע עוועניוס קאָרטשען זיך, ווי מיכאַלישקער געסעלעך צונויף:
יעדעס געסעלע, אונטער בייטש, אונטער דייטש, מיט אַ האַרץ — אַ דאָרן.
פֿון יעדן טורעם, פֿון יעדנס האַנט פֿאַלט אויף מיר שטיין נאָך שטיין,
ביז יעדער טורעם בלייבט — אַ שטיבעלע אַ הויקערדיקס פֿון ליים.

נאַכט. אומרו פֿון מיין ליד און מעשהלעך פֿון שטערן.
חוצפּהדיקע ליכטער חוזקן פֿון מיין ליד און פֿון די שטערן.
איך גיי צו דיר דורך אַלע מיינע לידער, מיכאַלישעק, —
איך גיי צו דיר און ס'גייט די צייט צוריק, צוריק:
אָט ווערט אַ טראָט — אַ יאָר, אָט בין איך טויזנט יאָר אַלט,
בין איך אינגאַנצן בייזוואונדער — אַ מענטש טויזנט יאָר אַלט.

וויי, ליטוויש שטעטעלע מיינס, מיכאַלישעק:
פֿון אַלע דיינע דורות געבליבן איז אַ הויפֿן צעפּליקט גראָז.
אין דער פֿעטער חיימס קוזניע,
זשאַווערט נאָך אַ פּרילינג פֿון מיין קינדהייט אויף דער פֿאַרשטומטער קאָוואַדלע.
אין ווילִיע־טייך מורמלען נאָך די וואַסערלעך אויס,
די שבועות פֿון פֿאַרליבטע יינגלעך און מיידלעך,
וועלכע האָבן זיך אייביקע ליבע געשוואוירן.
אַנשטאָט אַ גמרא־ניגון — דאָס קלאָגן פֿון שאַקאַל,
דיינע זונפֿאַרגאַנגען — פֿון בית־עולם־ליכט.
מיין מאַמע זעט דיך אין גן־עדן, ווי אַ בוים פֿון טויט.

פאַרטאָג.
גוט איז מיר אַזוי, מיכאַלישעק,
וואָס דיין באַגינען הערט קיינמאָל ניט אויף לעם מיר צו בלויען,
גוט איז כאָטש אין ליד זיין, לעם דיר, אַן איינציקע שעה.
גוט איז מיר אַזוי,
איבער ניט געפוצטע שורות, ווי איבער דיינע קרומע געסעלעך שפאַנען.
איך רייס זיך צו דיר פון חושך, ווי אַ בלינדער צו ליכט,
און רוף דיך ביז דער דינסטער צאַרטקייט אין מיר:
מי־כאַ־לי־שעק!
ביסט פאַראַן אין מיר אינגאַנצן, ווי אין אַ בלאַט דער גאַנצער וואַלד.

ניו־יאָרק, יולי, 1953.

## 1
## פאָנאַר

פאַראַן אַ וואָרט וואָס הערט ניט אויף דאָס ליכט פון טעג צו שרעקן:
פאָנאַר!
פרעג מיין שטעטעלע סווינציאַן אויב פאָנאַר איז ניט יחזקאלס טאָל.
קומען וועט דער מענטש פון הונדערט יאָר אַרום פרעגן אין פאָנאַר:
„צי קלאָגט דאָ יחזקאל אין ווינט דאָס געקלאָג פון ביינער טאָל.

„וועמענס געוויין גייט אויף און פאַרגייט אין פאָנאַר: יחזקאלס טאָל?
די אוראַלטע פאַרשיכּורטע, ווי דער ריח פון סאַמיקע בלומען,
דאָס געוויין פון דורות הערט גאָר ניט אויף אין פאַרשאָלטענעם טאָל.
וואָסער כּוח קען אין פאָנאַר יחזקאלס געוויין פאַרשטומען?"

„הער, פון שטיין קלאָגט מיין פאָלק אַרויס, אָ, מענטש פון הונדערט
יאָר אַרום,
לערן זיך פון אַ שטומען דאָס לשון פון אַ שטיין דערהערן.
ווייס, דאָ איז געוועזן אַמאָל אַ רויז, דער דאָרן, דער קרומער.
אָ, זאָג אַ וואָרט אַזאַ וואָס קען בייטן אַ שטיין אין אַ שטערן.

„ווייס, אַ שטומער איז ניט דער וואָס קען דורך וואָרט אַפילו ניט וויינען, —
אַ שטומער איז דער וואָס קען דאָס לשון פון שטיין דאָ ניט פאַרשטיין".

2

# אַ תּפֿילה פֿון אַ שטיין

יעדער שטיין פֿון פּאָנאַר בעט זיך: צעהאַק מיך, צעזאַמד מיך, מענטש,
איך זאָל דאָ ווי דאָס גרויליקע האַרץ פֿון אַ גזלן ניט בלייבן:
ס'זאָל מיינס אַ שטויבעלע — אַ געיאָגט קערנדל מיט אָנהאַלט בענטשן,
ס'זאָל מיינס אַ זעמדעלע צערוישן אַ קלאַנג פֿון אַ פֿאַרשטומט לעבן.

כ'זאָל דאָ ניט בלייבן אין פּאָנאַר — אַ קיינמאָל ניט געווייַנט געוויין.
כ'זאָל דאָ ניט בלייבן אַ שטיין: אַ קיינמאָל ניט געזונגען געזאַנג.
ווי, איך האָב דאָ געהאָלפֿן די קלוגע ליטוואַקעס פֿאַרשטיינען,
איז וויל איך ווערן אַצינד — אַ וואונד וואָס טוט נאָר זיך אַליין באַנג.

כ'זאָל ווי דער ווינט, אָן אויפֿהער די ליטווישע שטעטעלעך באַוויינען,
ווערן אַ טרער וואָס קען די שטיינער פֿון גאָר דער ערד רירן,
אַזאַ טרער וואָס הערט ניט אויף דורך די נעכט פֿון פּאָנאַר צו שיינען:
איך זאָל דעם קבר פּאָנאַר מיט ליכטיקע בשורות צעצירן:

בשורות פֿון דעם ערשטן פֿרילינג נאָך דעם לעצטן, לעצטן פּאָנאַר —
ס'זאָל אויך דעם שטיין, ווי דורך זיך אַליין, די קויל דורך אַ קינד אַרן.

# ראַקפּאָרט, מאַסאַטשוסעטס

ראַקפּאָרט:
איך זע דיינע אַלטע גוסעלעך דרימלען אַרום ים,
אין בענקשאַפט אויסגעבעט.
איך זע דיינע גוסעלעך, ווי מעשהלעך וואָס דער ים האָט דערציילט,
ווייל דו דערמאָנסט מיך אין מיכאַלישעק —
נאָר דו הייסט ראַקפּאָרט — דער האַפן פון פעלדזן,
ביסטו אַ זיכערער, פעלדזיקער אָרעם אַרום ים.
מיכאַלישעק פלעגט טוליען זיך מיט אַ גמרא ניגון צו דער ווילִיע.
יורקע פויער פלעגט דעם פּאַראָם צו מיין יינגלשן חלום ציען.
אוי, שטעטעלע מיינס, מיין פאַרליבטע קינדהייט:
געבליבן בין איך אויך אין דיין יעדן שטויב צעטראָטן,
געבליבן איז מיין פאָלק — אַ יתום: מאַמע מיכאַלישעק.

ראַקפּאָרט: פרעמדע, שיינע שטיף־מאַמע,
גייסט אויף און פאַרגייסט אויף לייוונטן פון מאָלער — הימלען פון טרוימער.

אָט ווייזט אַ יענקישער מאָלער,
ווי די כוואַליעס, אַרום דיר, לאַכן דאָס געלעכטער פון אַמעריקע.
אָט ווייזט אַ יידישער מאָלער,
ווי די כוואַליעס קלאָגן דעם יאָרטוויזנטן געקלאָג פון מיין פאָלק.
אָט שלאָגט אַ כוואַליע זיך דורך אַ וועג דורך דער אייביקייט פון פעלדזן,
נאָר טרעט אָפּ צוריק — באַזיגט, אָפּגענאַרט.
אָט גיסט אַ כוואַליע אויס דעם צאָרן פון קדוש — מיכאַלישעק.
אָט בלאָזט זיך אַ כוואַליע מיט יענקישן יחוס,
אָט רייסט זיך אַ כוואַליע חוצפּהדיק פאַרשווענקען דעם לעצטן זכר פון מיכאַלישעק.

ראַקפּאָרט, פאַרטאָג.
די זון גייט אויף, ווי אַ צויבער פענדזל פאַר מאָלער.
די זון איז אַ פאַנטאַסטישער באָל וואָס קינדער ווארפן אין שלאָף:
פון מאָרגן — צו מאָרגן, פון חלום — צו חלום.
די זון גיט נאָר איר גאָלד אַוועק פאַר בעטלער, פייגעלעך און פּאָעטן.
אויף דעם וואָרנדיקן שפּיץ פון „אַלמנה טורעם״,
ווייזן זיך שאָטנס פון אַלמנות געבויגענע,
און זוכן מיט טרויעריקע אויגן,
אין פאַרלאָרענע ווייטן —
די פאַרשפּעטיקטע פישערלייט.

ראַקפּאָרט, מאַסאַטשוסעטס, 1947.

# די מאַמע סרענצע אין „בוענאָס איירעס"

(ש. דאַווידאָוויטשן)

די מאַמע סרענצע האָט אַזש קיין „בוענאָס איירעס",
ביז לעצטן שראָם איר חרוב שטעטעלע געבראַכט:
ווי ס'וואָלטן אירע זיידעס געוואַנדערט דורך בוענאָס איירעס,
צערטלען זי און פערטלען די זעלביקע חלומות ביינאַכט.

די זעלביקע געסעלעך, דרייען זיך בלאָנדזשענדיק קרום.
דורך יעדן רעש האָט זי אויך דאָ איר שטעטעלע דערהערט,
מוראדיק, ווי אונטערן רוט — דאָס געוויין פון אַ שטומען.
זי טרעט אויך דאָ, ווי אויף דער זעלביקער, וואונדיקער ערד.

ווײ, די מענטשן, די פייגל, די זון אַליין האָט דער שעכטער געקוילעט,
נאָר דער געבליבענער נאַכט האָט דאָס האַרץ פאַרבאָרגן:
ביינאַכט שאָטנס דאָ לעבעדיק אום איר שטעטעלע פון פוילן,
און ס'וואָגלען אום די דורות וואָס דער תליון האָט דערוואָרגן.

די טעג פון בוענאָס איירעס גייען איר פרעמד אַזוי פאַרביי:
אין פרעמדן ליכט ווערט מען זיך אַליין אַפילו פרעמד,
נאָר די שטערן זיינען אויך אין בוענאָס איירעס איר געטריי,
און האָבן שוין יעדע ווייט אויף איר שטעטעלע זיך נאָכגעפרעגט.

ניטאָ! מיט די שטיינער פון די געסעלעך אַפילו גאָט פאַרשטיינט.
אַן איינזאַמער שטיין קען אויך דאָ אַ זכר פון איר שטעטעלע דערמאָנען.
אוי, זי האָט אַליין געהערט: אַ שטיין האָט ווי אַ קינד זיך צעוויינט,
און אין ערד אַ שטיק קען זי אויך דאָ אַ באַקאַנט פנים דערקאָנען.

האָט די מאַמע סרענצע ליב אַזוי דער נאַכט געקראָגן.
דורך איר אייגן חלום פאַרשווינדט די פרעמדע שטאָט,
און ווי שמואלן, איר בכור, האָט זי ליב דעם פלאַם פון טאָגן,
ווייל אין שמוליקס ערשטע טריט איז דער פאַרטאָג געראָטן.

פונקט ווי דער פאַרטאָג האָט שמוליק ליב דאָס אויפגיין,
אויפגיין אַפילו דורך טרויער פון אונטערגאַנג,
דערהערן העלן אָנזאָג אַפילו דורך אַ גוסס געוויין,
זען דעם מענטש אויפגיין אַפילו ביים לעצטן זונפאַרגאַנג.

נאָר ווייט איז שמוליק, ווי דער לאַנגער וועג פון פערטל יאָרהונדערט,
וואָס האָט דער מאַמען דאָס האַרץ שוין אויסגעבענקט.
זי זעט אים פאַרלאָרן צווישן ניו־יאָרקער וואונדער.
זי צערטלט דאָס ליכט וואָס דער טונקעלער שטח געדענקט.

און אָט אַ בריוועלע: אַ נייער מזל קומט צושוועבן.
דער שאָרך פון נייגעריק פּאַפּיר איז ווי פּאַך פון פליגל.
זי טוליעט דאָס בריוועלע צו זיך, ווי שמוליקס לעבן.
ער קומט און טאַקע, ווי אין אַ מעשה־ביכל, אויף פליגל:

„איך קום מאַמע, צו דיין פּסחדיקן טיש, מאַמע, איך קום”.
אוי, אַזאַ בשורהדיקע נאַכט, ווער האָט אויגן צו פאַרשלאָפן.
דאָס געשריי פון אַלע פּיינען האָט זיך אַ וויילינקע פאַרשטומט.
אוי, אַזויפל טויזנטער נעכט אויף אַזאַ נאַכט געהאָפט, זיך דערהאָפט.

די מאַמע סרענצע האָט אַזש אין בוענאָס איירעס,
איר וויסט שטעטעלע — ניי־געבאָרן דערזען.
דער זעלביקער הימל בלויט און גרויט אין בוענאָס איירעס —
דער שונא, דער חורבן איז נאָר אַ בייזער חלום געווען.

זי זעט אים שוין ביים סדר, פריי פון אַלע דאָרן־וועגן:
אינגאַנצן נס, ווי ס׳וואָלט אליהו הנביא אים אַהער געבראַכט.
די פרייד אין שטוב איז ווי אַ ים אַרוים פון די ברעגן,
ווייסט ניט סרענצע, צי פון גליק וויינען, אָדער לאַכן.

ווי פון דער הגדה איז שמוליק אַרוים,
און ס׳ווערט די מאַמע סרענצע, ווי האָפענונג יונג.
דורך דעם ווייַן טאַנצט מרים דעם נצחון פון איר פאָלק אוים,
און שמואל האָט אַ נייעם קריעת ים סוף אויסגעזונגען.

נאָר פון דער מאַמע סרענצע האָט די פּלייצנדיקע פרייד,
ווי דאָס געלעכטער פון אַ גזלן, דאָס האַרץ אַזש צוגענומען.
אַ געגרייטער פסח האָט געגרוילט אויף איר יום-טובדיקן טיש.
ווי מיט שמוליקס קוש האָט דער טויט זי אַרומגענומען.

איז די נאַכט פון פסח צו דער זון קיינמאָל ניט דערגאַנגען,
איז די מאַמע סרענצע, ווי איר שטעטעלע, אין דער נאַכט געבליבן.
דורך דעם טיר-פענצטערל האָט אַ שטערן זיך פאַרגנבעט,
און האָט אויף אַ שויב שמוליקס בריוול איבער און איבערגעשריבן.

## אַ קערנדל גוטס

ווער קען ווי יהודה הלוי נאָך ירושלים בענקען?
אפשר בענקט אַזוי אַ בלאַט אין ווינט, צוריק אַהיים — צום בוים?
אפשר קען אַזוי אַן אָדלער אין שטייג, צו די נאָנטע הויכן בענקען?
אפשר קען אַזוי אַ מענטש אין צעל — פון זיין ליבסטער טרוימען?

אָ, בענטש מיך גאָט, אויב כ'האָב ווען, ערגעץ וואו, אַ קערנדל גוטס פאַרזייט,
כ'זאָל ווי יהודה הלוי קושן די ערד פון מיין פאָלק,
אויב אַפילו אַן אַראַבישער רייטער איז גאַלאָפּירן גרייט:
איבער מיר, ווי איבער יהודה הלוי — דעם פּרינץ פון מיין פאָלק.

יהודה הלוי, אין דיין זכות איז אַ גילדענער דיין דור געוועזן:
משה רבינו האָט מיט לעצטן בליק געזען נאָר פון ווייט,
דאָס אייביקע לאַנד, וואו ס'איז אים שטאַרבן אַפילו ניט באַשערט געוועזן,
אונטער די קלאָען פונעם פערד פון אַראַבישן רייטער.

אייביק וועט בענקען יהודה הלוי נאָך ירושלים,
ווי נאָך יהודה הלוי וועט אייביק בענקען ירושלים.

## אַ קערנדל שיינקייט

אָ, בענטש מיך גאָט, אויב כ'האָב ווען אַ קערנדל שיינקייט פאַרזייט,
איך זאָל ווי יצחק אָבינו ביי אַ ברונעם פון נגב,
רבקהן פון באַראָ פאַרק זען — אויף אַ קעמל פונעם נגב,
מיט אַ קרוג וואַסער אויף איר שמאָלן אַקסל, ווי קלאָרע פרייד.

אָ, אין וואָר די נסים פון מיין פאָלק מיט מיין טראָט באַרירן.
אָ, לייטער אונדז נס, ביז יעדנס זינד וועט אַ שטערן ווערן:
לייטער אונדז, לייטער אונדז ביז די וועלט וועט אָנהייב בראשית ווערן,
דאָס צאַרטסטע ליכט פון העלסטן מאָרגן מיט די פינגער באַרירן.

וויפל זעמדעלעך, אַזויפל קערנדלעך וועט אין נגב זיין,
וויפל קרומע דערנער, אַזויפל פאַלמען, שטאָלץ ווי מיין פאָלק, —
און קומען וועט צום נגב — צום גאָרטן פון ישראל, מיין פאָלק:
דורך יידיש קען אויך מיין שטעטעלע אין „שיר השירים" זיין.

נאָר זע, אַש פון מיכאַלישעק בויגט אין טרויער אונדזער ווייטסטן טאָג,
הער, אין ווינט הערט קיינמאָל ניט אויף דאָס יאָרטווייזנטן קלאָגן.

# אַ נייער „אָז ישיר"

און ס׳איז מיין רעכטע האַנט ניט געליימט געוואָרן,
ווייל איך האָב ירושלים דיך ניט פאַרגעסן,
זינט ביי די טייכן פון בבל זיינען מיר געזעסן;
ניט צוגעקלעפּט צום גומען איז מיין צונג געוואָרן,
נאָר גליאיקער די בענקשאַפט, דור נאָך דור.
ס׳האָבן די אָבות פאַרברידערט אונדז מיט נס,
איז מיין רעכטע האַנט ניט געליימט געוואָרן,
האָב איך, ירושלים, דיך ניט פאַרגעסן.

וויפל וואָגל בענקט אַרוים פון דערגרייכטן היינט?
אַזויפל וואָגל איז נאָר דעם ווינט באַשערט געוועזן,
אַזויפל פרילינגדיקן אָנזאָג אין אַן ערשטן גרעזל.
אָ, נאָך גאָר דעם טרויער, מיט אַן ערשטן שמייכל זיך צעשיינען,
זיך צעלויכטן מיט אַלע מאָרגנס וואָס אין דער זון וועט נאָך זיין.
די דערנער דערמאָנען אין טויט און אין מאָרגנדיקן בעז.
וויפל וואָגל בענקט אַרוים פון דערגרייכטן היינט?
אַזויפל וואָגל איז נאָר דעם ווינט באַשערט געוועזן.

דורך וויפל שייטערהויפנס האָבן מיר אונדזער גורל שוין געטראָגן?
דורך וויפל חושך, צום זונאויפגאַנג, געקלעטערט אַרויף און אַראָפּ?
וויפל מדבריות, אונטער היימלאָזע הימלען, געלעגן זיינען שוין צוקאָפּנס?
דורך וויפל שייטערהויפנס מיר האָבן אונדזער גורל שוין געטראָגן,
אַזויפל קוואַלן וועט מיין פאָלק פון משהס פעלדז נאָך שלאָגן,
אַזויפל שטערן, אונטער ישעיהס הימלען, וועלן וואַכן ביי יעדן צוקאָפּנס.
אָ, ס׳וועט מיין פאָלק, דורך די גרויזאַמסטע נעכט ניט אויפהערן טאָגן.
אָ, ס׳וועט מיין פאָלק פון יעקבס לייטער קיינמאָל ניט אַראָפּ.

מיין פאָלק — אַ יאָרטוויזנטן בוים, מיט זעג דורך האַרץ.
לאָמיר צאַרט, אָ, צאַרט די זעג פון וואונדיקן בוים נעמען,
ס'זאָל דער יאָמער פון די צווייגן דעם שורש ניט צענעמען.
מיין פאָלק — אַ יאָרטוויזנטן בוים, מיט זעג דורך האַרץ,
נאָר ס'האָט קיין המן, קיין חושך דעם נביאס שיין ניט פאַרשוואַרצט,
און ס'האָט קיין עמלק, קיין שוואַרציאַר מיין פאָלק ניט גענומען.
מיין פאָלק — אַן עץ החיים מיט זעג דורך האַרץ,
לאָמיר צאַרט, אָ, צאַרט די זעג פון אייביקן בוים נעמען.

חושך דעם שונא, וואו און ווער ער זאָל ניט זיין,
ס'האָט דער פלאַם פון דאָרן דורכגעגליט אונדזער צאָרן —
זיינען מיר אַן אייביק ברענענדיקער דאָרן,
אַ דאָרן, אין בראַנד פון אַש וואָרנדיק צעשיינט.
חושך דעם שונא, וואו און ווער ער זאָל ניט זיין,
אויב נאָר ער הייבט די האַק קעגן אונדזערע יאָרן,
חושך דעם שונא, וואו און ווער ער זאָל ניט זיין —
ס'האָבן דאָרנדיקע יאָרן דורכגעדאָרנט אונדזער צאָרן.

אָט איז די ערשטע בלום פון פרילינג פון לאַנג געגאַרטן:
אַ פרילינג אַזאַ, וואָסער שונא, וואָסער שטורעם קען בויגן?
אָ, ס'איז דער פרילינג וואָס די אייביקייט קען ניט בויגן.
נאָך אַלע מדבריות, אָט איז די בלום, די לאַנג געגאַרטע.
ברודער, ניט נעם פון פאַרטאָג איצט דעם פייער, דעם צאַרטן,
נאָר מיט טויט אין די הענט, מיט זיג אין די אויגן,
לאָמיר היטן דעם ערשטן פרילינג פון אונדזער גאָרטן:
אַ פרילינג אַזאַ, וואָסער שונא — וואָסער שטורעם קען בויגן!

אַברהמס זעאונג שטערנט אויס אונדזער לאַנד.
פון פינצטערן אוראַלט שאַלן ליכטיקע גדעונים:
די לעצטע עמלקים וועט די תוכחה פאַרשלינגען!
אַברהמס זעאונג שטערנט אויס אונדזער לאַנד,
דורך פינצטערן אוראַלט שפאַנען ליכטיקע גדעונים.
פון ישעיהס חלום לויכט אַרויס אונדזער לאַנד:
אָ, זיי געבענטשט, אַקעראַייזן, אין יידישער האַנט.
אָ, נייעם „אָז ישיר", הער אָ, משה זינגען.

## אמת

וואָס איז פּשוטער פון אמת? וואָס איז טיפער פון אַ סוד?
ווער האָט דעם מענטש פון ערשטן טרויער דערציילט?
פון ערשטן טרויער האָט דערציילט דער ווינט — די פּלייט.
דעם גורל פון מיין פאָלק האָט אויסגעקלאָגט דער ווינט — די פּלייט.
וואָס פּשוטער דער אמת, אַלץ טיפער דער סוד.
ווער ס'האָט צום ערשטן מאָל דערזען די זון — די ערשטע ראָד,
האָט דערזען דעם פּשוטסטן אמת — דעם טיפסטן סוד.
וואָס פּשוטער דער אמת, אַלץ טיפער דער סוד.

## אַ וויסט פעלד

וואָס טוט דער רעגן אויף אַ וויסטן פעלד, נאָך אַ שלאַכט?
אוי, ניט קיין ברכה פאַר די קליינע קינדערסוועגן,
האָט דער רעגן אויף דער זומערדיקער ערד געבראַכט.
אַוודאי, ניט קיין לעבעלע ברויט אָפּצואוועגן.

קען זיין פון אַ מיראַזש פאַרפירט בלאָנדזשעט דער רעגן:
אַ קבר אויף אַ פעלד, זעט אויס, אַ נייאינקע בייט —
איז ניט דערפרישן דעם טרויער קומט דאָ דער רעגן,
נאָר צו דערפרייען פייגעלעך, קינדער און קוויטן.

אַז דער רעגן געפינט דאָ קברים, אַנשטאָט בייטן,
שמעקט מיט צעזייטע זומערס, אַנשטאָט לעבעלעך ברויט, —
בליען אויף די קברים מעדאַלן, אַנשטאָט קוויטן,
האָט אַ גערעטעניש אַזאַ אויף טויט זיך צעבליט.

דער ווינט אין פעלד שאַלט אויס דעם זיג פון גאָלד פון רויבער.
די נאַכט האָט מיט פּרי פאַרשפּילטע וואונדער זיך צעצויבערט.

## אַ וואָרנדיקער בוים

אַזויפל תּליות האָט שוין געהאָדעוועט דעם תּליונס וואַלד,
צי וועט פאַר פייגעלעך נאָך בלייבן אַ גאַנצער בוים?
דער תּליון זעט מער פרילינג אין דער תּליה ווי אין בוים.
אַזויפל פרילינגס האָט דערוואָרגן שוין דעם תּליונס וואַלד —
פון יעדן בוים דער שאָטן פון אַ געהאַנגענעם פאַלט.
אַ צווייג אָן אַ פעטליע, ווי פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן בוים.
אַזויפל תּליות וועט נאָך אויסבליען דעם תּליונס וואַלד —
נאָר זע, פאַר יעדן תּליון בליט אַ וואָרנדיקער בוים!

# פשוטע אמתן

1

זאָל נאָר דער בויער דעם געזונטן שאָל פון האַמער פאַרשטומען, —
וואַקסן טורעמס פון זשאַווער, אַנשטאָט לעבעדיקער שטיין און שטאָל,
וואָלט די פוילע צייט — גאָר דעם אייזן באַפוצט מיט שימל־בלומען:
שטום. געהילכט וואָלט נאָר פון פוסטעפּאַסניק דאָס ליגנערישע קול.

זע, די אָרעמס פון דעם שמיד, ווי אייזנס דורך פייער געבויגן,
דערמאָנען אַן קלעטער פון טורעמס, אַן רויש פון גליקלעכע שטעט:
קאַלטער שטאָל גליט אויף מיט ווייטע פייערלעך פון פענצטער־אויגן, —
נאָר ביי דעם חושך, ווער קען אַ פונק אַן איינציקן אויסבעטן?

זע, אַן פויער איז דעם קערנדל קיין מזל־ברכה ניט באַשערט,
בלייבט דאָס קערנדל הויל און עלנט, אינעם יאָמער פונעם ווינט,
שרייען סתם נאָך לעבן צום דאָרן פון עקרהדיקער ערד, —
הפקר, ווי אַברם, אַן טאַטע־מאַמע, אַ פאַרלאָזט קינד אין ווינט.

ווי די זון, ווי דער מענטש איז אָט דער אמת אייביק־אייביק:
אין מי פון בין און מענטש, פון האַמער און בלום לויכט אונדזער גליק.

2

זאָל נאָר דער קאַפּיטאַן לאָזן די שיף ביי אַ געליימטן רודער,
בלייבט פּלוצעם אין אוראַלט די שיף, ווייט הינטער קאָלומבוס טרוים:
בלייבט די שיף — פון רחמים פונעם אַכזר אונטערגאַנג גערודערט,
און וואַרט אַ צום טויט פאַרמשפּטע אויפן וואונק פון די תהומען.

אָן דיר, אָן מיר, אָן אים, אָן איר, קען קיין שוואונג קיין ברכה ניט הערן,
און דורך קיין קללה קען דער באַגינען קיין אויפגאַנג ניט צינדן:
וואָלט אַפילו דאָס „פאַרגעס מיך ניט בלימל" געוואָלט פאַרגעסן ווערן,
און ס'וואָלט אַזש די זון אַליין געוואָלט פון די רוימען פאַרשווינדן.

און געוועלטיקט אויף גאָר דער ערד וואָלט נאָר די שפּין, די ביקס
און די שרעק,
וואָלטן פאַר פּחד די טעג אויף אייביק פאַרלאָשן געוואָרן, —
אַ נאַכט אַזאַ וואָלט מיט דער אייביקער זון צו דעם שד אַוועק:
געבליבן וואָלט אַ וועלט וואָס נאָר די תוכחה קען געבאָרן.

און דער תּם, דער רשע און דער „שאינו יודע לשאול",
ווייסט נאָך אַלץ ניט וועמען עס געהערט די וועלט: דעם מענטש,
צי דער גרויל?

## לחיים זינגער

(אין אָנדענק פֿון דעם בראָנזווילער זינגער: חיים זינגער)

ער איז די בענקשאַפֿט וואָס איז פֿון קורדענאָוו געבליבן,
דאָס ליד פֿון טריט פֿון פֿאַרשוואונדענעם גאַסן־זינגער:
דאָס געוויין פֿאַר זון און יושר פֿון יאַסקען מיטן פֿידל, —
אָ, חיים מיטן באַס — דער בראָנזווילער זינגער.

ער דערמאָנט אָן קלוגן ליכט פֿון אַלטע וויינען.
וואָס טונקעלער זיין אויג, אַלץ העלער זיין בליק.
ער איז רייך אין יאָרן, ווי דער פֿאַרנאַכט אין שיין.
דורך בלינדן אומגליק האָט ער דערזען אַ וועלט פֿון גליק —

איז ער צום גליק — דור איין, דור אויס, געגאַנגען,
איז אים נאָנט פֿון גליק דער ווייטסטער שטערן.
פֿון אַזאַ וואַנדער־וועג, דורך זונאויפֿגאַנגען,
ווי זאָל דאָס האַרץ ניט שיכּורלעך ווערן:

איז לחיים חיים, לחיים זינגער!
אייניקלעך, אַ קאַראַהאַד, שוין אויסגעזונגען.
וואָס שנייאיקער דער קאָפּ, איז דער חלום יינגער —
אוי, דעם חלום אויף דער וואָר ניט אויסגעזונגען!

## אַ ברכה

געבענטשט זיי שוואונג פֿון האַמער איבער אַלע שווערע שימלען:
ניט איבער דעם שימל פֿון פֿעלדזן אוראַלטע,
ניט איבער דעם מאָך פֿון גבורהדיקן וואַלד —
דער דונער וועט שוין אַליין אַ קרישל טאָן די שימלען,
דער רעגן וועט שוין אַליין אַ מאָך אַזאַ אויסצוואַשן.
די אַלטקייט פֿון דער זון וועט קיינמאָל ניט שימלען,
די ציכטיקע אַלטקייט, ווי די חכמה, קען קיין שימל ניט פֿאַרטראָגן.
דער יינגסטער שוטה איז עלטער פֿון אַלע שימלען.

זע, ס׳קלייבט זיך ניט קיין שימל אויף דער אַלטקייט פון טאָג,
אונדזער אַלטינקער טאָג איז מיט יונגער וואָרנונג פון יאָרטוויזנטן געלאָדן:
יעדע שעה, אַ הייליקע, הערט דעם האַמער דורך אַלע שימלען שלאָגן —
פון אַזאַ גליענדיקער אַלטקייט האָט נאָך קיין שונא, מיט אַלע טויטן
געלאָדן,

קיין איינציקע שלאַכט, קיין איינציקן נצחון ניט געוואונען.
סיי דורך מאָדערנע קאָנוואולסיעס פון עלעקטרישע שטולן,
סיי דורך די אוראַלטע טויטן פון רוימישע צירקן,
הערן מאָנען ניט אויף די זעלביקע פאַרשפּיגענע טרערן, —
האָט דער אמת פון באַזיגטן שטענדיק דעם גרויליקסטן זיגער צעשטערט.
דער פאַרטאָג האָט שטענדיק איבער דער לענגסטער נאַכט געוואונען.

געבענטשט זיי האַמער איבער יעדער שלאַנגיקער צאַרטקייט:
צאַרט, ווי דער גלעט פון אַ תּליון איבער אַ צום טויט־פאַרמשפּטן,
אַ שמייכל אַזאַ — גרוי און דורכזיכטיק אַזוי,
ווי דורכזיכטיק ס׳איז דער טונקעלער פאַרראַט, אינעם צאַרטן שפּינוועב,—
אַ היענע שמייכל קעגן וואָלט וויטמאַנס אייביקער דעמאָקראַטיע פון
אַמעריקע.
ס׳האָט נאָך קיין שפּין פון בראשית אָן, קיין איינציקן שטראַל ניט
באַשאַפן,
און הערט דערפאַר פאַר יעדן בלענד פון אויפגאַנג ניט אויף זיך שרעקן.

געבענטשט זיי האַמער איבער דעם גלויבן וואָס גלויבט נאָר פאַרדאַכט,
אַ פאַרדאַכט פאַרדעכטיקער פון אַלע גרויזאַמסטע פאַרדאַכטן:
הערי, פאַרדאַכט, ס׳וואָלט אַפילו אַ וויסטע נאַכט איר חושך דיך ניט
געטרויען,
דו זאָלסט מיט גאָר דיין גאַל איר יעדן שאָטן ניט פאַרסאַמען.
ס׳וואָלט אַ קראָ אַפילו, פאַר פּחד, פון דיין קראַנקן האַס אַנטלאָפן,
נאָר וויים, דער באַגינען איז נאָך קיינמאָל פון קיין חושך ניט אַנטלאָפן.
וויים, ניט קיין געבויגענער קנעכט מיט געלעכערטן אויער שטייט
דיר אַנטקעגן,
ס׳ווייסט שוין יעדער אַקער, יעדע נאָדל, יעדער דלאָט, ס׳ווייסט שוין
קינד און קייט:
ס׳האָט נאָך קיין צאַם, קיין קייט, קיין שלאָס נאָך קיינמאָל קיין חלום
ניט פאַרשלאָסן —
דורך אַלע צאַמען, דורך אַלע קייטן, דורך אַלע שלעסער, ציט דעם
אמת פון שייך.
אַ מענטש אַזאַ פון די פייערן פון ליבשאַפט און פון צאָרן!

# אין טרויער פון אָוונט

דאָס בלוט פונעם פּאַסטעך הבל וועט אייביק אַלע קינס שרעקן,
ס׳זאָל פון ברודער דאָס געשריי דעם מאָרד פון דער ערד ניט פּאַריאָגן:
קין אָן מאָרד איז ווי הבל אָן אַ פייפל, אָן אַ פעלד, אָן שאָף.
אָן הבלס ערשטע ליבשאַפט בלייבט אָן אַן איינציקן שטראַל דער פּאַרטאָג,
קען נאָר קין, די נאַכט און די גרויל אויף אייביקן חושך האָפן.
אָן הבלס ליבשאַפט נעמט קיין איינציקן קערנדל ניט צו די ערד.

וויי, דאָס קלאָגן פון הבלס בלוט האָט נאָך קין, אַלץ ניט דערהערט,
נאָר אין „באַחרית הימים" וועט קין אָן אַ שווערד, אָן אַ קרבן בלייבן,
ווייל ס׳קען קיין קין, קיין טויט ס׳געשריי פון בלוט ניט דערווערגן.
זע, פון קינס רציחה קען קיין לעבעדיק גרעזעלע ניט געבאָרן ווערן:
אָן ענדלאָזער טאָל יאָמערט אויף דעם אָרט פון אייביקע בערג, —
איז שוין קלאָר אַז נאָר הבל וועט אין בלי און ליכט פון פעלד בלייבן.

און וויפל טריט ס׳איז טרעטן אויף דער ערד, ברודער, דיר באַשערט:
פון דיין ערשטער ביז דיין לעצטער שעה, פון דיין ערשטן ביז דיין לעצטן טראָט,
אַזויפל מאָל וועט קין דיין יעדן טראָט, צום זונאויפגאַנג, באַפאַלן,
אַזויפל מאָל וועט זיך קאָרטשען אויף דער ערד, הבל, אין דרייען געבויגן.
הינטער אונדזער יעדן קער גייט קין, רגע נאָך רגע, טראָט נאָך טראָט.
איבער הבלען ווייזט ישעיה פון אויסגעקוועטשטע טויטן אַ רעגנבויגן.

דער נביא קומט אין טרויער פון אָוונט, ווען מיט גאָר איר שיין געזעגנט זיך די וועלט,
ווערט די וועלט ביים ראַנד פון אומקום — אַזאַ האָפערדיקע וואונד.
דער אויסגעלאַכטער שלום גייט אויף קעגן שווערד אַזוי קינדיש העל,
און ס׳זעט דער נביא זיין חלום אין די הענט פון אַ תליון געבונדן,
נאָר דער תליון האָט שטענדיק דעם נביאס צאָרן מיט דער קללה פון אַלע קללות געלאָדן,
און נענטער, נענטער האָט דערזען דער נביא דעם „באַחרית הימים" — אַן אַנטפּלעקטער סוד.

# פ ר יי נ ט  ב יי ם  ט י ש

(מיין פרי פֿאַרשטאָרבענעם פֿריינט : לייזער סאַפֿרין)

1

די אומרו נאָך ווייטע לענדער האָט מיך קיינמאָל ניט געצויגן.
די בענקשאַפט נאָך וואַנדער האָט מיינס אַ רגע קיינמאָל ניט פאַרצערט.
מיט פריינט אַרום טיש בין איך די וועלט, האַרץ צו האַרץ דורכגעפלויגן,
איז מיר וואַנדערן דורך שמועס, אַ לעבן לאַנג געווען באַשערט.

דער וואַנדער אַרום טיש איז די עלטסטע רייזע אַרום דער וועלט.
דער פריינט אַרום טיש איז שענער פון יעדער שיינקייט, דורך אַלע רייזעס.
וואָסער זונאויפגאַנג קען, ווי אַ פריינט ביים טיש, די וועלט צעהעלן.
וואָסער קונץ פון עראָפּלאַן, קען די וואונדער פון אַ וואָרט ווייזן?

וואָסער שיף שווימט גרינג, ווי דער שמועס ביים טעפּעלע קאַווע — הער:
אָט איז אַ וואָרט — נוחם בלאַט, אָט אַ שפּרייז: אַ ווינט — די ערשטע
באַן.
אָט איז אַ וואָרט — אַ פעלדז, אַ גיבור וואָס ציט די ערד צו די שטערן.
אָט איז אַ וואָרט — אַ האַנט וואָס נעמט גאָר דאָס בייז אַוועק פון דאַנען:

בלייבט אַלדאָסגוטס מיט גאָר דעם בלענד פון פרייד, מי און שפע
פאַרגאַפט —
ווערט יונג די ערד, ניי דער מענטש: אָדמס ערשטער בליק אויף
וועלט באַשאַף.

2

אָ דער גליענדיקער שמועס מיט חברים ביז שפּעטער נאַכט.
דאָס ליכט פון קיינמאָל ניט פאַרגאַנגענע זונען לויכט אַרום טיש.
דאָס וואָרט איז די איינציקע שווערד דורך די מוראדיקסטע שלאַכטן.
דער רויך פון סיגאַרעטן קרייזט און ווייזט פּלאַנעטן אַרום טיש.

דער שמועס אַרום טעפּעלע קאַווע איז די ווייטסטע נסיעה.
אָ, פאָרן דורך זוניקן געפּלאַפּל — פון דעם בלינדסטן אַמאָל,
ביז דער צייט ווען אויף דעם אָרט פון תּליות וועלן גערטנער בליען, —
ווען טורעמס פון חלום וועלן זיך פאָרן מיט טורעמס פון שטאָל.

אָט ווערט דער טיש — אַ בייט פאַר דער ווייטסטער נאָך ניט
פאַרזייטער רויז.
אָט זעצט זיך מיט אונדז ישעיה ביים טיש — דער קריגער קעגן שווערד.
אָט פירט אַ קינד אַ וועגעטאַרישן וואָלף פון תּנך אַרויס
און פאַריאָגט דאָס געוויין פון מענטש, פון בוים און חיה פון גאָר דער ערד.

אָ, דער שמועס מיט חברים זאָגט אָן דער וועלט, דורך שפּעטער נאַכט,
אַז בלייבן וועט דאָס וואָרט — די איינציקע שווערד נאָך אַלע שלאַכטן.

# לא תרצח!

זע, דאָס קעלבעלע ביים ערשטן בליק אויף ליכט פון טאָג איז ווי גאָט אַזוי קלוג.

די מאַמע קו הערט מעלה גירהן ניט אויף צום בורא עולם אַ דאַנק,

פאַר הימל און ערד, פאַר זון און גראָז און פרייד, ווי קוואַל, פאַר אַלעמען געָנוג, —

ווי זאָל איר איינפאַלן אַז פאַר זיסן שמאַנט גיט דער מענטש מיט טויט אַ דאַנק?

די מאַמע־קו לערנט ס׳קינד אַז לעבן איז געשמאַק, ווי גרעזעלעך אין פעלד,

נאָר דער מענטש מיט חלף אויף האַלדז, שאַלט אָדעם צו יושר און צאַרטקייט אויס, —

איז דען אַ וואונדער וואָס קינס רציחה איז נאָך אַלץ דער האַר פון דער וועלט?

אוי, קעלבעלע, דיין חן אינעם פעלד איז מקנא אַפילו די רויז,

נאָר אַז כ׳זע דיך הענגען אין יאַטקע, מיט טשוואַק דורך האַרץ, צו רייצן פון מענטש ס׳מויל, —

זאָג איך: רעד פון מאָרד בן אָדם, ניט פלאַפל פון דער שיינקייט פון דער רויז.

שלום איז די הון וואָס בריט נייע הינדעלעך — פאַנטאַסטישע פייגעלעך אויס:

דאָס הינדעלע אונטערן חלף פאַרט זיך נאָר מיט חושך, מיט האַס און מיט גרויל.

אָ, אויב צום געבעט פון שעפעלע, קעגן שוחט, בלייבט טויב ווי שטיין דער מענטש,

וועט קיינמאָל קיין שלום דעם מענטש ניט בענטשן, וועט שטענדיק מענטש קוילען מענטש.

## קינדער

קען זיין קיין פויגל האָט נאָך אין ערגעץ ניט געזונגען,
ניט קיין געזאַנג, נאָר אַ געוויין איז עס אויף דעם טויט פון קינדער:
אוי, מייזעלעך, פייגעלעך, פישעלעך: ביז לעצטן לויכט, פליוסק און זונג,
גלויבן אַ שטייג, אַ נעץ, אַ פּאַסטקע, ווי ס׳גלויבט אַ קינד אין וואונדער.

פייגעלעך אין שטייגן געבאָרן צו צערטלען נודנעם לאַנגווייל.
מייזעלעך, פון אַ ניט פאַרזוכטן ביסן, אין פּאַסטקע פאַרנאַרט,
האָבן נאָך אין קלאָרן ליכט פון טאָג קיין אָטעם ניט פאַרווײלט, —
וואַרט שוין אויף סאַמעטענע קינדער, די פּאַסטקע — אַן עשאַפאָט.

פישעלעך, רייך אין ליד און פרייד, ווי דער טייך איז מיט וואַסער רייך,
שפּילן זיך מיט גאָט, אין די טיפן פון מיסטעריעזע גרונטן.
פישעלעך — קינדער, בעטן זיך צו מלאכימלעך פאַרגלייכן,
ליגן: טרוקענער שוידער, פון נעץ און פון חוזק צעשונדן.

וויין, מיין ליד, אויף דעם טויט פון גלויביקע, פרי פאַרשניטענע קינדער:
פייגעלעך, מייזעלעך, פישעלעך — מעשהלעך פון גאָלע וואונדער.

## אַזויפל טרויער

פאַראַן אַזויפל טרויער אין אויפגיין, ווי אין פאַרגיין:
אין אָוונט איז יעדער שאָטן, ווי פון אַ יידישן גוף,
וואָס קען פלוצעם מיט דעם קול פון טרעבלינקע דיך רופן.
ווי זאָל ניט זיין אַזאַ טרויער אין אויפגיין, ווי אין פאַרגיין,
אַז מען זעט אויף גאָר דער ערד ניט קיין איינציקן פאַרטאָג,
וואו ס׳קען דער מענטש אויף קיין קיט, אין קיין תפיסה ניט קלאָגן, —
דערפאַר, נאָר דערפאַר האָט נאָך קיינער ניט געזען די זון,
זאָל ניט אויפגיין מיט אַ קללה, ווי קעגן בייטש — אַ וואונד.

## אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד

ווײ, פאַראַן נאָך אַליץ אַ טורמע, אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד.
ווינד, אויב איין מענטש אַפילו וועט נאָך בלייבן ערגעץ אין אַ צעל,
וועט נאָך די וועלט זיין אין טורמע, אין יעדער שטאָט, אין יעדן לאַנד —
וועט אונדז אַלעמען צו חלום קומען ווערגן דער שלאָס אין צעל.

אַ צעל דערמאָנט אַז ס׳איז נאָך אַן ענדלאָזע תּפיסה אונדזער ערד.
גיי פאַרביי אַ צעל, ווערט יעדע פרייע גאַס — אַ שטיינערטע וואַנט,
איז נאָך אַפילו דעם פויגל, דער רויז — די קייט פון מענטש באַשערט,
איז נאָך אַפילו דער ווינט ניט פריי אין קיין שטאָט, אין קיין לאַנד.

ווײ, פאַראַן אַ פּאָליציימאַן — אַ רעוואָלווער אויף יעדן ראָג,
ווי ס׳וואָלטן ווידער מענטשן־יעגער אונדז אַלעמען באַפאַלן.
לעם רעוואָלווער דערהער איך פון הייל דעם אורמענטש קלאָגן,
ווערט דער הימל, ווי נאָך אַ שלאַכט — אַ וויסט פעלד, דער מענטש —
אַ לעצטער שטראַל.

צי וועט פון די האַפּערדיקסטע זומערס בלייבן נאָר אַ שוואַרצע רויז?
צי וועט פון העלסטן חלום — דער זעלביקער מעסער־יונג אַרוים?

## אַ בויגן בלאַנק פּאַפּיר

אַ בויגן בלאַנק פּאַפּיר איז אַ נאָך ניט אַנטדעקטע וועלט,
אַ הוילע שורה רייצט, ווי אַן אומבאַרירטער וועג.
שורות ווערן גראַטעס אַרום אַ טויטן צעל,
און שורות: וועגן, וואו ס׳לויפן נאָר פריינט אַנטקעגן.

און דער פּאָעט באַשערט דעם גורל פון יעדן וועג,
איין וועג פירט צום ברודער, אַ צווייטס פאַרפירט צום שעכטער —
דאָ בענטשט מיט שטעט דער האַמער און ס׳זינגט דורך ברעט די זעג,
דאָרט גלעט דער פויסט — אַ קינד, דאָרט איז דער ליגן גערעכט.

זע, פון יעדן וועג איז די מאַמע — טינט אַ טראָפּן,
די פען — אַ מיל וואָס קען אַלע מילן צעמאָלן.
אָט שליידערט אַ וואָרט אַ טורעם — אַ באַרג באַרג אַראָפּ,
און פון טורעם — פון באַרג בלייבט אַפילו ניט קיין טאָל.

אַ בלאַנק פּאַפּיר איז אַ וועלט פון קיין טרער ניט באַרירט,
וואו קיין וואָרט האָט נאָך דעם מענטש דורך פייער ניט געפירט.

# אויפן בוידעם

אויפן בוידעם פון מיין טאַטנס אַלטן הויז,
איז קיין ליד ניט אייביק אַזוי, ווי די נאַכט:
איין גורל איז באַשערט דעם דאָרן, די רויז, —
קיין שטערן האָט קיינמאָל ניט געטרויט דער נאַכט.

אוי, ווער לייענט דאָ מיינע לידער־ביכער,
אויב ניט חושך און שטויב, די שפּין און די גרויל, —
גיי איך אום, ווי ס׳וואַלט מיין האַרץ געוואַלגערט זיך,
אין חושך פון שפּינוועב — אַ טאַרבע פון גרויל.

אויפן בוידעם פון מיין טאַטנס אַלטן הויז,
צערטלען נאָר בלינדע שדים מיינע לידער;
ניט קיין פרילינג שפּראָצט פון שפּינוועב דאָ אַרויס:
סיי גליק, סיי אומגליק שעפּטשען דאָ איין ווידוי.

אותיות, באַרג אויף באַרג, צעגעסן פון שטויב,
זוכן ליכט, ווי אויגן פון אַ טויטן־הויז.

ניו־יאָרק, ערב יום־כיפּור, 1953.

# אויף מיין מצבה

1906—19..

ברידער, שוועסטער מיינע:
דאָ וואו יידיש שטומט,
ווי אָט דער שטויב פון מיין קבר,
דאָרט האָב איך קיינמאָל ניט געלעבט.
דאָ וואו יידיש וויינט,
ווי דער אַש פון מיינע שטעטעלעך —
אוי, מיכאַלישעק, אוי, סווינציאַן, —
דאָרט וויינט מיין טאַטע און מיין מאַמע,
דאָרט הער איך קיינמאָל ניט אויף וויינען.
דאָ וואו יידיש לאַכט,
האָפּערדיק, ווי פרילינגדיקער ווינט,
דאָרט לאַכט מיין טאַטע און מיין מאַמע,
דאָרט הער איך קיינמאָל ניט אויף לאַכן,
דאָרט הערן מיר קיינמאָל ניט אויף לעבן.

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1953.

## אַ נדר

פֿאַר „כּל עם ועדה״ האָב איך אַ נדר זיך געגעבן,
אַז כ׳וועל מיין פּען, ווי אַן איבעריקן שטעקן פֿאַרוואַרפֿן,
האָט מיך דער גורל, אַנשטאָט אַ צונג — אַ דאָרן געגעבן,
האָב איך דערהערט אַזש שדים קייכן דורך די צאַרטסטע האַרפֿן.

בין איך אין ערגעצנישט — זיבן מאָל גאָרנישט געוואָרן,
האָב איך ווי באַוושאָווער, מיט די פֿינגער אויף די ווענט געשריבן, —
האָט מיין ליד, ווי אַ קללה זיך צעשוואַרצט דורך מיינע יאָרן,
איז מיר אויף דעם אָרט פֿון האַרץ — אַן עקרה־פֿליך געבליבן.

בין איך אַליין דאָס פֿינצטערסטע ליד אויף דער וועלט געבליבן,
וואָס נאָר אַ קראָ, אַ פֿאַרוואַונדעטע, קראַקעט אויס ביים פֿאַלן,
האָב איך אַנשטאָט ווערטער — גאַל, בראַנד און שטיינער אָנגעקליבן,
כּדי זיך צו פֿאַרשטיינען, אַליין אין לידער צעפֿאַלן:

בלייבן, ווי טראָפּנס נאָך אַ רעגן, בלאָט און בלום צעצירן,
בלייבן דאָרט, וואו אַפֿילו צייט קען קיינמאָל ניט באַרירן.

## אַ ליכטיקער אָנזאָגער

אַפֿילו די ווייטע פֿרייד פֿונעם מענטש פֿון הונדערט יאָר אַרום,
איז אַזוי נאָענט לעבן אונדז, ווי אין חלום אַ ברודערס האַנט־דרוק,
דורך נאַכט און טויט אַזאַ ליכטיקן אָנזאָגער הער איך קומען —
ווערן מיר אַלע מיט זיין חכמה פֿון הונדערט יאָר אַרום קלוג.

ער גייט דער מענטש פֿון הונדערט יאָר אַרום דורך אונדזער וויטן טאָג,
מיט זיין אומרו זענען מיר אַלע — יעדן וואָלקנדל איילן:
דער שטאַרקסטער חושך פֿאַלט פֿאַנאַנדער ביים באַריר פֿון זיין פֿאַרטאָג,
ער שפּאַנט און מיילן פֿון שטח בייטן זיך אויף מיילן פֿון צייט.

ווערט אַ ווייליניקע איעדער — אַ מענטש פֿון הונדערט יאָר אַרום —
לויכט גלייך אויף אַ דור פֿון ברידער: שוסטער, דיכטער, בויער—טרוימער.
דער שוסטער נעמט די שיך מיט דער ליבשאַפֿט פֿון אַ טאַטן אַרום.
דער סעדער אין סאָד ווערט אַליין — פֿון גליק אַ פֿאַנטאַסטישער בוים.

אַנטקעגן אָוונט ווערט אַפֿילו די שפּין — גאָלד אינעם שפּינוועב.
דער אָוונט איז אַ שפּעטער: אייביקע נאַכט באַפֿאַלט דעם שפּינוועב.

# יעיסקע

(מיין ברודער, מיין פריינט: יעיסקע)

אויב מיין געלעכטער איז אַמאָל קלאָר אַזוי, גרינג און ניי,
אַז מיר דאַכט: פון אַלע מדבריות ווערט איין וואַסערפאַל,
מיין ליד — גאָר דער צוויט פון מיינע זעקס און פערציק מאַיען —
אַזש אַ טעמפּער שפּאָן קען פאַר גליק זיך צעשאַלן, —
איז עס נאָר דערפאַר, יעיסקע, איינאונאיינציקער מיינער,
ווייל גוט איז מיר — צער פון דיין צער, פרייד פון דיין פרייד צו זיין;
איז עס נאָר דערפאַר, ווייל פון האַס וואָס וואַקסט באַרג איבער באַרג,
איז אונדזער ליבשאַפט, ליכטיקער ברודער מיינער, שטאַרקער.

און אויב מיין געוויין איז אַמאָל גרוי אַזוי, שווער און אַלט,
אַט ווי פון אַ גריל וואָס גרילט אַן אויפהער פון מאָך אַרויס,
ווייל זי קען, ווי דער שטורעם, איר עלנט ניט צעגוואַלדן,
ווייל זי קען קיין רגע פון איר אייגן גרילץ ניט אַרויס, —
איז עס דערפאַר, ווייל צו דיר פירט די בענקשאַפט מיך אַזוי:
יעדער וואָלקן — אַ וואַנדער־וועג, לויערט אויף דיר מיט טויט.
אָ, די בענקשאַפט איז אַמאָל אַ שד, אַמאָל אַ שטערן,
אַמאָל, אָ, כאַטש אַ בליק טאָן אויף דיר און גערן שטאַרבן.

דו וואָגלסט דורך לענדער, ווי איך דורך חלום פון לידער,
אַ לאַנד אין חלום שוועבט אום, ווי אַן ערשט געבאָרן ליד,
גיי איך דורך גאַסן, ווי דורך ברייטע שורות פון לידער —
אין חלום איז אָפן פאַר געסט יעדע טיר, ווי מיין ליד.
אין דעם ווייטסטן ניט געשטויגן פאַראַן איז נאָנטע וואָר —
פאַראַן אויך דער טעם פון חלום אין אונדזער האַרטסטער וואָר —
אַ וואָר אַזאַ מיט ריחות פון אַ ווילדן רויזן פעלד,
לאָמיר זען די וועלט, ברודער, פון אַ שטיבעלע אין פעלד.

קומסטו יעיסקע, לויכט דורך חושך דער מענטש פון העלסטן דור,
האָפּערדיק מיין בלוט, ווי אומרו פון ווינט — ערב פרילינג.
די ריינסטע ליבשאַפט ברעכט ווי גראַטעס די צאַם פון יאָרן,
און פאַריאָגט דעם טויט פון גאָר דער ערד, ווי ערב פרילינג:
אַלע נעכטנס, אַלע מאָרגנס, אין איין רגע לעבן.
קומסטו יעיסקע, בין איך אייביק, נאָר דער טויט קען שטאַרבן.
אָ, ווען פון אָט דעם ליד וועל איך אין הונדערט יאָר אַרום,
קלאָר אַ הילך טאָן: יעיסקע! — וועסטו ברודער קומען:

קומען מיט גאָר דעם בלוי פון דיינע אויגן מיך רופן,
קומען, מיר הערן לעבן ניט אויף אין דעם באַגינען.
לויטער, ווי געפלאַפל פון טייכעלעך וועט זיין דיין רוף,
טייכעלעך וואָס מענטש און צייט קען קיינמאָל ניט צערינען.
אָ, צי איז דעם מענטש ביז סוף פון אַלע דורות באַשערט
יאָגן אין מיטן טאָג די קרומע שאָטנס פון דער ערד?
זע, דער פאַרטאָג האָט די דערנער מיט פייער־קרוינען צעצירט:
אַ שטראַל ווערט די גרויל וואָס דיין מאָרגנדיקער טראָט באַרירט.

אָנהייב, 1953.

# דער שלאָם

1

דער פויגל האָט מיט קיין שלאָם נאָך קיינמאָל ניט פאַרשעמט זיין נעסט.
און ס'וויל קיין פּרוכטבוים פון קיינעם זיין פאַרמעג ניט פאַרשליסן.
אַברהם אָבינו האָט ווי מלאכים באַגעגנט געסט.
אָ, זאָל דער שד — די טיר, ווי ס'האַרץ פון אַלעמען פאַרשליסן.

אַז די שווערד איז נאָך געדעכט דערמאָנט אַ שלאָם אויף יעדער טיר.
אַז דער שלאָם איז נאָך דאָ, איז נאָך דאָ גאַל אין אויג, קללות אין מויל,
איז קראַנקער פחד דאָ, איז דאָ אַ שלאָם אויף די געהירן,
הייסט דער חושך אונדז האָפן, לערנט אונדז „לא תרצח" — דער קוילער.

אוי, דער שלאָם, ווי פון אַ פאַרשאָלטענעם געדולד געגאָסן,
שמידט ווייט און צייט אין אייזן איין: רגע נאָך רגע, דור נאָך דור.
אַזויפל דורות שליידערט דער מענטש שטורעם נאָך שטורעם —
קעגן שלאָם.
זע, אָט ברעכט דעם שלאָם — דעם שטומען פייניקער: פייער און צאָרן!

הינטער אונדז, אַן אוראַלטע האַנט איז גרייט די זון אַליין אַ שאָם
טאָן, ווי אַ קויל.
אַנטקעגן אונדז, זע איך דעם לעצטן שלאָם — די לעצטע קללה, אין
אַ מוזיי גרוילן.

**2**

אָ, וואָס איז דאָס גרויזאַמסטע מויל, אויב ניט דאָס מויל פונעם שלאָס,
ווי זעט אויס אַ פויגל דורך אַ גראַטע פון אַ טורמע־צעל?
ווי נאָך אַ שחיטה, זעט אויס אַ זונפאַרגאַנג, הינטערן שלאָס.
ווי וויסט זעט אויס אין צעל דער מאַי, ווי ענג די ענדלאָזע וועלט.

דער שלאָס — אַ גלאָמפּ אַזאַ פאַרמאַכט דאָס מויל מיט אַן איינציקן צאָן,
נאָר קיין חיה באַפאַלט ניט מיט דער רציחה פון אַ שלאָס,
אַלע ציינער פון אַלע חיות וואָלט צעזעצט אָט דער צאָן.
אָ, ווען ס'קען דער מענטש, ווי מיט אַ חיה זיך שלאָגן מיט דעם שלאָס.

קאַלט און שטום, אָן אַ ריר האָט דעם מענטש פאַרשלונגען דער שלאָס.
ווי זעט אויס דער שלאָס אויף צעל, אין פריען, קינדישן טאָגן,
אויב ניט אַ נאַצישע מויל וואָס האָט ערשט געזופט בלוט אַ כּוס?
אַ ייד אויף שפּיזן פון פאָנאַר, זעט אויס, אַ גראַטע פאַרטאָג.

העקער פון דער וועלט, האַקט פון שלאָס אַרויס דעם איינציקן צאָן,
אָ, שמידן, שמידט פון שלאָס אויס אַזאַ פייער־ראָד — אַזאַ זון.

# פאַרוואָס מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען

בריִדער, מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען,
ווייל דער בוים, דער פויגל — דער פרילינג האָט אַזוי געוואָלט,
ווייל ס'האָט געוואָלט דער מאַי אונדז ווייזן זיין גרין און גאָלד.
בריִדער, מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען,
ווייל איר רייץ געבן האָט אונדז געוואָלט די בלום,
ווייל שטאַרקער פון אַלע ליבעס האָט אונדז דאָס לעבן האָלט.
בריִדער, מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען,
ווייל דער בוים, דער פויגל — דער פרילינג האָט אַזוי געוואָלט.

אַ פאַרבענקטער תּהו־ובהו האָט אונדז גערופן,
זיך לערנען די פרייד פון ווערן — פון פאַרטאָג,
זיך לערנען יאָגן דעם חושך, ווי דער פאַרטאָג.
שטורעמס נאָך ניט געשטורעמטע האָבן אונדז גערופן,
שאַלן דורך אַלע דורות אָט דעם לויטערן רוף:
ס'זאָל דורך אונדז אייביק לעבן דאָס פייער פון פאַרטאָג.
שטורעמס נאָך ניט געשטורעמטע וועלן אונדז נאָך רופן,
זיך לערנען די פרייד פון ווערן — פון פאַרטאָג.

# אַלטער חלום — אַלטער ווײַן

פֿון אַן אַלטן חלום האָבן מיר אַרויסגעשטראַלט.
דער ערשטער זונאויפֿגאַנג אויף דער וועלט
האָט אויפֿגיין דורך אונדז ניט אויפֿגעהערט,
פֿון אַן אַלטן חלום האָבן מיר אַרויסגעשטראַלט,
און וויפֿל המנס ס׳זײַנען שוין אין חושך געפֿאַלן,
איז מײַן פֿאָלק יחזקאלס זעאונג באַשערט.
פֿון אַן אַלטן חלום האָבן מיר אַרויסגעשטראַלט,
פֿון דעם ערשטן זונאויפֿגאַנג אויף דער וועלט.

וואָס קען אין זיך מער שיכּרות האָבן,
דער אַלטער חלום, צי דער אַלטער ווײַן?
שולמית שפּיגלט זיך אין אַלטן ווײַן —
וואָס קען אין זיך מער שיכּרות האָבן?
דער חלום איז פֿון אַ קינד די גרויסע גאָב,
איז אין חלום נס איבער נס אַרײַן.
וואָס קען אין זיך מער שיכּרות האָבן?
קינדיש ווי דער אַלטער חלום איז דער אַלטער ווײַן.

וואָס עלטער דער ווײַן, אַלץ ליכטיקער דער חלום.
וואָס עלטער מײַן פֿאָלק, אַלץ נענטער דאָס טאָגן.
אייביקער פֿון אַלע פֿינצטערנישן איז דאָס טאָגן.
שיכּורער פֿון אַלע ווײַנען איז דער חלום.
פֿון אַ נײַעם בראשית איז דער חלום.
אָ, דערזען אַ וועלט בײַם סוף פֿון אַלע גרוילן טאָגן.
וואָס עלטער דער ווײַן, אַלץ ליכטיקער דער חלום,
וואָס עלטער מײַן פֿאָלק, אַלץ נענטער דאָס טאָגן.

## ליכט פון אַפּריל

אַזויפל מאָל האָט דער באַגינען שוין געבלויט,
און ס׳זיינען גרויע טעג נאָך אַלץ פאַראַן
און ס׳איז דער עלנט — דער מנוול נאָך אַלץ פאַראַן.
אַזויפל מאָל האָט דער באַגינען שוין געבלויט,
און געלאָזן אין חושך: די שפּין, די שווערד און די נויט.
זע, אין יעדן שטראַל אַזאַ ליכטיקער דור איז פאַראַן.
אַזויפל מאָל האָט דער באַגינען שוין געבלויט
און ס׳איז די גרויע וועלט נאָך אַלץ פאַראַן.

נאָר כּדי צו לערנען אונדז שיינקייט לעבט און שטאַרבט די רויז,
נאָר כּדי צו לערנען אונדז צאַרטקייט קומט דער אַפּריל,
דעם צער פון אַ געבראָכן צווייגעלע צו שטילן,
און גלעט נאָך אַ לאַנגן ווינטער אַ פאַרלאָזט גרעזעלע אויס.
אָ, זיי מיין ליד — אַ גליד פון מענטש פון „באַחרית הימים״ אַרויס:
פאַראַן אין אַ וואָרט אַן עכטן דאָס ריינסטע ליכט פון אַפּריל,
אַ וואָרט וואָס שטילט דעם דורשט פון דער ערד, ווי דער טוי פון אַפּריל,
אַ וואָרט וואָס קושט אין שבעה-טעג אַ טרער פון מיין פאָלק אויס.

## די ריינסטע חכמה

די ריינסטע חכמה איז פּשוט, ווי קלאָרער גאַנג פון קוואַלן.
וואָס איז אַזוי עכט ווי דאָס געלעכטער פונעם פויער,
ווען אונטער דעם אַקער ווערט פון יעדן קערנדל — אַ שטראַל?
פרעג דעם פויער וויפל חכמה שימערט אין קלוגן טוי.

פון די לויטערסטע טיפן דערציילט דער קינדישער קוואַל —
דעם קוואַל ציט צו דער ערד, ווי דעם וואָלקן צו דעם הימל:
דער שווערער וואָלקן גאַרט אין גרינגן רעגן זיך צעפאַלן,
כּדי אָנצוטרינקען די זאַטע פעלדער מיט הימל.

איז פאַראַן אַזויפל שוואַרצע ערד אינעם הימל,
וויפל הימל ס׳איז פאַראַן אין פריש צעאַקערטער ערד:
ביינאַכט ווערט צווישן שטערן דער ווייץ און קאָרן פאַרהימלט,
בייטאָג ווערט דער הימל אַ בלוי פעלד מיט געבענטשטער ערד.

די נאַכט און די ווייט, די הויך און די טיף: הימל, מענטש און ערד,
האָט דורך מי און שלום, איין אייביקער גורל פאַרברידערט.

# אַ זעמדעלע

דאָס מינדסטע זעמדעלע פֿאַרמאָגט די סודות פֿון אַלע שטערן.
צי האָט שמעון פֿון זעמדעלע געלערנט אַז חכמה איז שווייגן,
ווייל ער האָט געוואוסט וויפֿל תּורה ס׳קען אַ זעמדעלע אויסשווייגן?
אַן איינציק זעמדעלע פֿאַרמאָגט די סודות פֿון אַלע שטערן.
אַ זעמדעלע איז אַן עלטער זיידע פֿון אָדם און חוהן,
דאָס זעמדעלע, קליגער פֿונעם מענטש דאַרף וועגן טויט גאָר ניט דאגהן, —
דאָס זעמדעלע מיט דער גבורה פֿון בערג האָט דעם טויט אַליין צעשטערט,
האָט מסתּם שמעון פֿון זעמדעלע געלערנט אַז חכמה איז שווייגן.

# אַ פֿלאַטערל

אַן איינציקער טאָג איז פֿאַר דעם פֿלאַטערל זיבעציק יאָר לעבן.
יעדע גילדענע שעה האָט אַ קינדהייט, אַ יוגנט, אַ טיפֿן עלטער:
ווען פֿאַר דעם פֿלאַטערל גייט אויס דער טאָג, צאַנקט די אייביקייט,
שטאַרבט די וועלט.
אַן איינציקער טאָג איז פֿאַר דעם פֿלאַטערל זיבעציק יאָר לעבן,
האָט ס׳פֿלאַטערל דעם פֿאַרליבטן טאָג אין זיבעציק זונען צעשוועבט:
— פֿלאַטערל, פֿלאַטערל, אַ טאָג יום־טוב איז פֿון אַלע וואָכן עלטער,
גיב מיר דיין איין און איינציקן טאָג, נעם מיינע זיבעציק יאָר לעבן:
אַ קליינער קרייז אַנטקעגן זון איז גרעסער פֿון אַלע גרויע וועלטן.

# אין טויזנט יאָר אַרום

איך האָב געזען די וועלט אין טויזנט יאָר אַרום:
דער פויגל האָט זיין ליד אויף אַ האָר ניט געביטן,
די בינען, ניט מיד פונעם זעלביקן זשומען.
די שיינקייט, דאָס ליד און די חכמה עלטערן זיך ניט.

איך האָב געזען אַ גאַס אין טויזנט יאָר אַרום:
וואָלקנס מיט סחורה באַלאָדן — הימלשע קאַראַוואַנען.
דער „עמפּייער סטייט" — דער קלענסטער קאַרליקל,
יעדער שטראַל אַ פּילאָט, יעדער ווינט — אַן עראָפּלאַן.

טוען יידן איינע די אַנדערע זיך אַ פרעג: „פונוואַנען?"
„פון מדינת מאַרס, ניטאָ רעב ייד קיין נייע גליקן,
אין אַ ברייטן שלום עליכם איז מער וואונדער פאַראַן,
ווי אין די קעלבערנע התפעלות פון אַ פליענדיקער בריק".

„געדעכט. איך גיב אייך אַוועק אַלע קונצן, אין הויכן און אין תהומען,
פאַר איין קילן שאָטן פון אַ קרומען עפּלבוים.
איך גיב אייך אַוועק אַלע צילינדערס פון אויסגעפּוצטע לשונות,
פאַר דעם רויען רויש פון געשמאַקן מאַמע לשון".

איך האָב געזען די וועלט פון טויזנט יאָר אַרום.
איך האָב דערהערט אין ווינט — אַ באַקאַנט געוויין.
איך האָב געזען אַ פּחד אין פּנימער פון בלומען,
אַ שטיין האָט דערמאָנט פון פאָנאַר — אַ פאַרשטומט געשריי.

## גוט מאָרגן

לעבן אונדז דער דרייסיקסטער יאָרהונדערט — אַזאַ מזלדיקער שכן,
מיט ברכות פון אַ פרייער ערד, אַ נייעם הימל אונדז אַנטקעגן:
אַ דור אַזאַ קומט ניי און האָפערדיק — אַ נאָך ניט באַרירטער וועג.
אָ, ברודער פון דרייסיקסטן יאָרהונדערט — אונדזער מזלדיקער שכן,
לאָז כאָטש אַ ווייליקע אַריין, אָט אַ רגע נאָר, אָ מזלדיקער שכן,
שוין יאָרטויזנטן, אונטער פּאָך פון קנוט, זוכן מיר צו דיר אַ וועג.
גוט יום־טוב ברידער, גוט יום־טוב שוועסטער, גוט יום־טוב וועלט! —
אַ מזלדיקער שכן
פון ישעיהס אויסגעטרוימטן לאַנד, קומט, באַלד, אָ, באַלד אונדז אַנטקעגן.

לחיים ברידער, לחיים שוועסטער פון דרייסיקסטן יאָרהונדערט,
זעט, אָט זיינען מיר, מיר רייסן זיך צו אייך דורך לעצטן מייל פון צייט.
אינעם גאַנג פון אייביקייט, אָט נאָר אַ שפּאַן צו אייך, פאַרשטעלט די צייט.
זעט, מיט באָרוועסן פוס דורך פעלדזיקן דאָרן טרעטן מיר אויס
אייער פרייהייט.
זעט, וואונדיק איז שוין די פויסט פון שלאָגן אויף די שלעסער צו
אייער יאָרהונדערט.
אַ שכנישן גוט מאָרגן אייך, מיר שליידערן די שלעסער פון צייט!
מיר לעבן! איר הערט אונדז אין שטורעם, ווי אַ מעשהלע פון שרעק,
מוט און וואונדער.
מיר קומען! יאָרן — צאַמען פאַלן, לעם אונדז — ניט דערגרייכטסטע
וויטן.

פון גאָר דער ליכטיקייט פון אייער דור, ווערן שוין אַלע שפּינען
ביי אונדז קראַנק.

איך זע אייער ליכט אין ביינער־טאָל, אין טאָל פון מאָרד און פון קריעה.
נאָר דאָ וועט אייביק יעדער צווייג, ווי אַ גליד פון אַ קדוש בליען.
ווי, דאָס געוויין פון מיין דור וועט שטענדיק באַפאַלן אייער
לויטערסטן געזאַנג.

אַ מענטש פון אַש — אַ פאַרגאַזטער שאַרבן ווערט אייער נאָך ניט
געזונגען געזאַנג.

אָ, וואָס איז מיכאַלישעק, אויב ניט אַ וואַסערל פון ווילִיע?
און אפשר איז מיין שטעטעלע דער ערשטער שטראַל פון אייער יעדן
זונאויפגאַנג?

אָ, ווען כ'קען ווי מיכאַלישעק ווערן אַ וואַסערל פון דער ווילִיע.

אָ, גוט איז זיין דער חלום פאַרן ווערן, אַ נאָך ניט אויפגעגאַנגענע זון,
גוט איז גליען אין תהו, מיט נאָך ניט געצונדענעם פייער פול:
אַ נאָך ניט גערעדט וואָרט מיט ציטער פון אומדערוואַרטן אָנזאָג פול.
און יידיש זאָל זיין אין קרוין פון יעדער נאָך ניט אויפגעגאַנגענער זון.
דער ניו־יאָרקער פאַרנאַכט האָט די וואונדן פון פאָנאַר אויף די שויבן
צעצונדן.
הער, אויך דערווינט פון אַפּריל איז מיט געוויין פון מיינע ליטוואַקעס פול.
אָ, גוט איז זיין דער חלום פאַרן ווערן, אַ נאָך ניט אויפגעגאַנגענע זון,
גוט איז גליען אין תהו מיט נאָך ניט געצונדענעם פייער פול.

# אינהאַלט:


א בלעטל פון מיין טאָג־בוך ........ 4

אינמיטן טאָג ........ 7

## 1. מיין טאַטע הירשע דוד

מיין טאַטע הירשע דוד ........ 10
מיין טאַטע וועגן אַלט און יונג ........ 15
מיין טאַטע וועגן אַמאָל, היינט און מאָרגן ........ 15
דער סווירער באַרג ........ 16

## 2. אַ שטיבעלע אין וואַלד

העי, יעגער ........ 22
איך און דו ........ 22
מיין שטילינקע באָראָ־פּאַרקער מיידל ........ 23
נאַכט ........ 23
פאַרבלאָנדזשעט ........ 24
פון רעגן ביז שטורעם ........ 24
בליץ און דונער ........ 25
„באַחרית הימים" ........ 25
נאָך ניט געבאָרענע טריט ........ 26
צו חלום ........ 26
באַרג איבער באַרג ........ 27
פאַרטאָג אין וואַלד ........ 27
ריוועלע מיין ........ 28
אַ וועלט אָן שלעסער ........ 28
דער אַלטער עפּלבוים ........ 29
אַ גוטן טאָג ........ 30
אַ קליינע פּרינצעסן ........ 30

## 3. יידיש

מאַי אין מיכאַלישעק און סווינציאַן ........ 32
שונא פון יידיש — שונא פון מיין פאָלק ........ 34
די צוואה ........ 36
הירשקע לעקערטס יידיש ........ 37
וואָס הירשקע לעקערט האָט געקלערט אין טויטן־צעל ........ 38
יידיש אין מיטן טאָג ........ 39

## 4. אונדזער יידישע שול


די ערשטע שעה ... 42
שול טויער ... 43
לייבל ... 43
אַ קינד וואָס וואַקסט אַ גאון ... 45
אַ גרעזעלע ... 47


## 5. אָוונט אין ניו־יאָרק


פרילינג אויף „אָשן פּאַרקוועי" ... 50
רבקה ... 51
אָוונט אין ניו־יאָרק ... 53
טרוים ... 56
פֿאַראַיאָריקע שנייען ... 57


## 6. עטל


עטל מעינקעס ... 60
אַ תּפילה ... 62


## 7. זייט געזונט פון עלציק הייט


ביים וואַסערפֿאַל ... 64
פרי פּאַרשניטענע בלומען ... 67
פריינט מיינע ... 68
הייליק שטויב ... 69


## 8. פון פּאָנאַר ביז אַ נייעם „אָז ישיר"


בענקשאַפט ... 72
פּאָנאַר ... 73
אַ תּפילה פון אַ שטיין ... 74
ראַקפּאָרט מאַסאַטשוסעטס ... 75
די מאַמע סרענצע אין בוענאָס איירעס ... 76
אַ קערנדל גוטס ... 79
אַ קערנדל שיינקייט ... 79
אַ נייער „אָז ישיר" ... 80


## 9. פּשוטע אמתן


אמת ... 84
אַ וויסט פעלד ... 84
אַ וואָרנדיקער בוים ... 84
פּשוטע אמתן ... 85
לחיים זינגער ... 86
אַ ברכה ... 86
אין טרויער פון אָוונט ... 88

## 10. פריינט ביים טיש

פריינט ביים טיש ........ 90
לא תרצח ........ 92
קינדער ........ 93
אַזויפֿל טרויער ........ 93
אין יעדער שטאָט פֿון יעדן לאַנד ........ 94
אַ בויגן בלאַנק פּאַפּיר ........ 94
אויפֿן בוידעם ........ 95
אויף מיין מצבה ........ 95
אַ נדר ........ 96
אַ ליכטיקער אָנזאָגער ........ 96
יעיסקע ........ 97

## 11. גוט מאָרגן

דער שלאָס ........ 100
פּאַרוואָס מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען ........ 102
אַלטער חלום — אַלטער ווייַן ........ 103
ליכט פֿון אַפּריל ........ 104
די ריינסטע חכמה ........ 104
אַ זעמדעלע ........ 105
אַ פלאַטערל ........ 105
אין טויזנט יאָר אַרום ........ 106
גוט מאָרגן ........ 107

## ביכער פון מע׳נקע קאַץ:

**דריי שוועסטער**
1932



**דער מענטש אין טאָגן**
1935



**ברענענדיק שטעטל**
בוך איינס — 1938



**ברענענדיק שטעטל**
בוך צוויי — 1938



**ס׳האָט דאָס וואָרט מיין באָבע מאָינע**
1939



**צו דערציילן אין פריידן,**
**מיכאַלישעק אין אַמעריקע:**
ברענענדיק שטעטל, בוך דריי — 1941



**דער פּשוטער חלום**
1947



**אינמיטן טאָג**
1954